אַ בליק און נאָך אַ בליק, אַ פינגער האָט זי אַריינגענומען אין מויל און דאַכט זיך, אַז זי האָט אים איינגעביסן.

די פור רירט זיך. איך קוק איר נאָך, זי שטייט, ווי פאַרגליווערט און רירט זיך נישט פון אָרט.

שלום דער בעל עגלה שטראָפט:

— מיט אַ שיקסע גאָר, אָי וועט מען קאַטעווען אין גיהנום. אַ יידענע אַ פאַרשוין אויף דער פור רופט זיך אָן:

— זיי האָבן שוין דעם גיהנום אויף דער ערד די יינגעלייט... איר ווייסט דען, וואָס דאָס איז אַזויגס מלחמה...

איך האָב אפילו געוואָלט פרעגן ביי דער יידענע, צי זי ווייסט וואָס דאָס איז אַזויגס מלחמה, נאָר אַנטאָשעס גרויע אויגן האָבן געשוועבט פאַר מיר און אַ בענקשאַפט האָט געשטיקט.

אין אַ צייט שפעטער בין איך געשטאַנען ביים קאָפטינאַרמוס אין זעלנערישן מאַגאַזין. דער אונטעראָפיציר האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ שינעל, אַ גרויס היטל און אַ פאָר שווערע זעלנערישע שטיוול. ווען איך האָב אויסגעטון מיינע ציווילע קליידער און אויסגעליידיקט מיינע קעשענעס, האָב איך דעמאָלט געפונען אַ בינטעלע האָר, אַנטאָשעס האָר, וואָס דער טאַטע האָט אויסגעצופט פון איר קאָפ, צוליב מיר... ווי אַ טויטער גאָלדענער זשוק האָט עס אויסגעזען... דער זומער האָט אַ שוועב געטון פאַר די אויגן, דער באַכאַטניצער וואַלד, דער שייער, אונזערע נעכט, ווי טריי זי פלעגט מיך קוקן אין די אויגן, זי האָט מיך ליב געהאַט... זי איינע.

און עס קאָן זיין, אַז אין דער זעלבער צייט האָט אַנטאָשאַ אַראָפגענומען פון האַלז דעם זילבערנעם צלמל און געטראַכט פון מיר...

# אין וואַלד

זומער. אין אַ געמישטען וואַלד. צווישען די בוימער פליסט אַ שמאָל טייכעל, אין וועלכען דאָס גאַנצע וואַלד-לעבען שפּיגעלט זיך אָפּ. נישט ווייט פון טייכעל שטייט אַ ווייס הויז. צום בעל-הבית פון דעם הויז זיינען זיך צענויפגעפאָרען פיל באַקאַנטע צום פאַרברענגען דעם זומער. צווישען די געסט זיינען נישטאָ קיין אַלטע לייט.

דער גראָער נעכטען איז ערגעץ פאַרשוואונדען געוואָרען, דער אומבאַוואוסטער פאַרנעבעלטער מאָרגען האָט אויפגעהערט צו קימערן.

און קיינמאָל זיינען אומבאַקאַנטע מענשען אַזוי גיך נישט אויפגעטראָגען געוואָרען. און קיינמאָל האָבען זיך די זינדיגע מענשען אַזוי נוצלאָז נישט געפילט. איינע איז דאָרט געווען מיט בלויע אויגען, אַ שווייגענדיגע מיט געלאַסענע טריט. עס איז געווען עפּעס שטרענגעס, נישט צוטרעטליכעס אין איר בליק. דאָך וואָס לייכגער זי איז אין וואַלד געווען, אַלץ מילדער איז איר בליק געוואָרען. די שטרענגע האָט גענומען לאַכען, ווי אַ לייכ-

טער, נאָר פעסטער זילבער-מעטאַל האָט איר לאַכן אָפּגעקלונגען.

אַלע האָבן געוואוסט, אַז זי האָט אין שטאָט אַ חתן, וועל-כער איז זעהר פאַרנומען, ער גרייט צו פאַר איר אַ צוקונפט, אַ גאָלדענע צוקונפט.

ער שרייבט צו איר בריוועלעך פיל מיט בענקשאַפט, פול מיט האָפנונג. נאָך אַ ביסעלע וואַרטען, נאָך אַ ביסעלע און זייער גליק איז אויסגעשמידט.

און דער וואַלד האָט אַ גאַנצען טאָג געזונגען. עס האָט דאַן אויסגעדוכט, אַז די גאָלדענע צוקונפט איז שוין געקומען: צווישען באַגילטע סאָסנעס און באַזילבערטע בזשאָזעס האָבן שפּאַצירט הויכע, שלאַנקע פרויען אין ווייסע דורכזיכטיגע קליידער. אין אַ זיסער מידקייט פלעגען זיי צופאַלען צו די בוימער, מיט איין אַקסעל זיך אָנשפּאַרען און רוען... עס האָט נאָר געפעלט אַ האַר-פע אין האַנט און אַ לאָרבער-קראַנץ אויפ'ן קאָפּ, דאַן וואָלטען זיי טאַקע אויסזען ווי אמת'ע געטינס.

די מענער פון דער קליינער געזעלשאַפט פלעגען בייטאָג זיך זעלטען באַווייזען: איינער האָט געמאָלט, דער צווייטער פלעגט אַוועקגיין נאָך פיש צום טייך, דער דריטער פלעגט אַרבייטען אין זיין צימער און אַזוי פלעגט מען זיי ווייניג אָנזען.

פאַרנאַכט פלעגען זיך אַלע צונויפקומען, דאַן, ווען די בוי-מער פלעגען זיך אָנצינדען אין רויטען זון-פייער. די פרויען פלע-גען זיי אַרויסגיין אַנטקעגען און שמייכלען און זינגען... דאָס האָט געזונגען די צייטיגע ליבע.

און בליקען שעמעוודיגע פלעגט איינער אויפ'ן צווייטען וואַר-פען. וואָס נענטער די נאַכט, אַלץ דרייסטער די בליקען.

בלויז איינע, די מיט די בלויע אויגען, זי איז ווידער אומעטיג געוואָרען און שווייגענדיג.

יי נאַכט. די לבנה שווימט איבער'ן וואַלד. זי באַהאַלט זיך. בלויז זילבערנע פאַסען פאַלען אַראָפּ און קריכען אַרום ווי שלאַנגען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען. דער אַלטער בעל-הבית איז שוין פון לאַנג געגאַנגען שלאָפען. ביים געזעגענען זיך האָט ער געזאָגט צו זיינע געסט:

— שפּילט זיך, קינדער, נאָר ווייט פאַרבלאָנדזשעט נישט אין וואַלד!..

די ווערענדע פון ווייסען הויז בלייבט ליידיג. אַלע זיינען ערגעץ פאַרשוואונדען, נאָר אָט קומט אַרויס די שיינע, די איינזאַמע. זי קוקט זיך אַרום. וואו זיינען זיי אַלע? אַן אומפאַרשטענדליכע איפערזוכט צינדט זיך אָן אין איר ברוסט.

און ערגעץ נאָנט זיפצט אַ נאַכט-פויגעל. אַ גריל זעגט מאָנאָטאָן די סעקונדעס פון לעבען... כאַ, כאַ, כאַ... עמיץ לאַכט מיט תאוה און באַלד ווערט ווידער שטיל.

פון גאַנצען וואַלד ווייעט מיט סודות און ליידענשאַפט, דאָס האַרץ פון דער פרוי נעמט קלאַפּען...

די נאַכט פאַרשפּרייט אַזוי פיל געהיימניס אין וואַלד, יעדער שאָרך איז אַ סוד... ווער גנב׳עט זיך דאָרט? ווער האָט עס אָנגערירט אַ בלעטערדיגען צווייג, וואָס האָט פּלוצלונג גענומען רוישען? עס קלאַפּט דאָס האַרץ ביי דער איינזאַמער. זי אָטעמט איין דעם סמאָלע-ריח פון די סאָסנעס און דערפילט זיך אַזוי פריש, אַזוי מונטער. זי פאַרלאָזט די ווערענדע און גייט אַוועק צום טייכעל.

די פאַליעס לויפען איבער די שטיינער און שטיינדלעך רוישען און רופען. זי זעצט זיך אַוועק און שפּיגעלט זיך אין וואַסער. זי וואַרפט קליינע שטיינדלעך אין טייך, ווי זי וואָלט מיט עפּעס וועלען פאַרטרייבען דאָס נעפּעל פון איינזאַמקייט.

נעבעלדיג דערמאָנט זי זיך וועגען חתן, וואָס האָט שוין די זאַפט פון אירע ליפּען אויסגעזויגען מיט זיינע קושען.

ער אַרבעט דאָרט, ער ליידט און גרייט צו פאַר איר אַ גאָלדענע צוקונפט. אַך, ווען וועט שוין די צוקונפט קומען. זי איז אים מוחל די שיינע צימערען, מיט די בילדער אויף די ווענט, מיט די טייערע מעבעל. זי דאַרף נישט קיין דינסטען... די צוקונפט, די גאָלדענע צוקונפט... צום ערשטען מאָל פרעגט זי ביי זיך, צי עס לוינט... צי לוינט אַוועקגעבען די בליענדע געגענוואַרט פאַר דער אומבאַוואוסטער צוקונפט?..

דאָס טייכעל הויבט אָן שטאַרקער צו רוישען. ווי גיך, ווי גיך

די באַזילבערטע פּאַליעס אַנטלויפן און אַהי אַנטלויפן די בעסטע טעג.

די לבנה גיט זילבער פאַר יעדן שטיינדעל, וואָס וואַשט זיך פון די פּאַליעס. די נאַכט גיט דופט און וואַרעמקייט פאַר יעדער ביין, פאַר יעדן גרעזעל. כאָטש שלאָפט אַרום, דאָך רופט אַלץ צום לעבן, צום לעבן.

די פרוי רוט נישט. די האָר ביי איר צעפאַלן, די הענט שטרעקן זיך אומזיסט אויס צום פאַרשאָטענעם שטח. קיינער, קיינער איז דאָ מיט איר נישט צוזאַמען. זי איז אַליין.

זי שפּרינגט פּלוצלונג אויף פון אָרט, די איינזאַמע, די שיינע. זי קוקט אַריין טיף-טיף אין וואַלד, דאָרט אַהין, וואוהין אַלע באַקאַנטע זיינען אַוועק. זיי וועלן קומען צוריק צום גראָען לעבן. זיי וועלן דאָך אָבער האָבן וואָס צו דערמאָנען, און זי...

עס פאַלן טרערן אין טייכעל, עס שוועבט אַ זיפץ אין וואַלד און די אַלטע בוימער הערן אַלצדינג אויס, זיי האָרכן אויך, ווי טיף אין וואַלד סוד׳ען זיך פאַרליבטע...

# דער שוואַרצער הירש.

בײַ דעם שוועל פֿון די הױכע טאַטרעס, וואו די פֿאַליעס פֿון ווײַכסעל לויפֿען שוין פֿיל ברייטער און לאַנגזאַמער, זײַנען נאָך דאַן געדיכטע, אוראַלטע וועלדער געוועזן.

פֿיל ווילדע חיות האָבען דאַן געלעבט אין די וועלדער. פֿון צייט צו צייט אָבער פֿלעגט דער מענש אַראָפּקומען און פֿאַרהילכען דעם וואַלד מיט זײַן שופֿר-שאַלען און דערשרעקען דעם וואַלד מיט זײַן בלוטדורשטיגקייט און לוסטיגקייט.

מיט טויזענט יאָר צוריק, אין דער ריטער-צייט, איז דאָס געוועזן.

אַ מחנה יעגערס זײַנען פֿאָראויס געפֿאָרען. נאָך די יעגערס האָבען געריטען דאַמען, באַגלייט פֿון זייערע קאַוואַלערען. דאָך איינציגווייז זײַנען די יעגערס פֿון די פֿערד אַראָפּגעשפּרונגען, ווייל דער וואַלד איז אַלץ געדיכטער געוואָרען. מען האָט גע-מוזט די פֿערד פֿאַר׳ן צוים פֿירען.

די לעצטע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון איר ברוין-ווייס גע־פֿלעקטען פֿערד די שלאַנקע לילי. איר קאַוואַלער, דער יונגער פֿאַן טאַרלאָ, האָט נישט באַוויזען זי אונטערצוכאַפּען. ער איז צוגעשפּרונגען צו שפּעט און לילי האָט דערבײַ נישט ווילענדיג אַראָפּגעוואָרפֿען דעם הוט פֿון זײַן קאָפּ.

די פריילעכע געזעלשאַפט האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.
פאַן טאַרלאַ האָט אַ בייזען בליק געוואָרפען און זיין האַנט האָט
ער באַלד אויף דער שפּאַגע אַרויפגעלייגט. דאָס האָט געווירקט:
אויגענבליק זיינען אַלע שטיל געוואָרען.

מען איז געגאַנגען ווייטער; די יעגער-הינט האָבען ערגעץ
ווייט געבילט, ערגעץ-וואו האָט אַ שופר געשאַלט.

מען האָט געזוכט אַ פוקס מיט שוואַרצען סאַמעט-פעל,
אַ מין, פון וועלכען עס זיינען געבליבען געציילטע עקזעמפּליאַ-
רען אויף דער וועלט.

די שענסטע און העלדישסטע ריטער פון דער אומגעגענט
האָבען אָנטייל גענומען אין דער יאַגד, ווייל...

ווייל די פעל האָט געזאָלט זיין אַ מתנה פאַר דער שיי-
נער לילי.

און דער, וועמעס קויל עס וועט אַוועקלייגען דעם פוקס,
יענער מעג האָבען האָפנונג: לילי בלייבט נישט גלייכגילטיג צום
העלד, צום באַזיגער.

קיינער ווייס נישט, וואו זי איז געבוירען געוואָרען, פון
וואַנען זי שטאַמט, ווער זיינען אירע עלטערן? מיט עטליכע יאָר
צוריק איז דער אַלטער פירשט אַפּאָלסקי געקומען פון רוים פרי-
ער ווי אַלע יאָר. ער האָט מיטגעבראַכט אַ יונגע פרוי.

דער פירשט האָט באַפוילען, דאָס אַלע זאָלען זי רופען:
„די פירשטין“, נאָר זי, לילי, האָט געלאַכט פון דעם טיטול:

—מיין נאָמען איז לילי, און שטענדיג וועט מען מיך אַזוי רופען.

די גאַנצע געגענט אַרום האָט גערעדט פון איר שיינקייט
און פון אירע אַוואַנטורעס.

אין גיכען איז דער פירשט קראַנק געוואָרען און איז גע-
שטאָרבען. איינער דעם צווייטען האָט אַ סוד איבערגעגעבען:

—לילי האָט אים פאַר זיינע חסדים אין גן-עדן אַוועק-
געשיקט...

*לילי, לילי*...

זי איז רייך און שיין געווען, און יונג, און ווילד.
זי איז געוואָרען די הערשערין פון צענדליגער שלעסער, פון

ווילדע, אוראַלטע וועלדער, בערג און טייכען, זי האָט איר רייכ־
קייט נישט געציילט, נישט געמאָסטען, ווייל עס האָט איר איצט
אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע וועלט איז פון היינט אָן אירע. קיין
גרעניץ נישטאָ. וואו זי וויל, וועט זי גיין, וואָס זי פאַרלאַנגט וועט
זי נעמען.

זי איז אַליין געווען אַ שטאַרקע און האָט ליב געהאַט
שטאַרקע מענשען אַרום זיך.

אירס אַ פאַרלאַנג, אירס אַ קאַפּריז האָט געמוזט ערפילט
ווערען.

ווי אַ קעניגין האָט זי געטיילט חסדים און שטראָף. און פלוג־
לונג פלעגט זי זיך וואַרפען צו ווענען מיט איר פייערדיגער ליבע און
פאַרגעסען אַלעמען און אַ קנעכט ווערען פון געפיל, פון ליידענשאַפט.

איצטער האָט זי זיך פונאַנדער׳געלאַכט, הויך, אויפ׳ן קול.
איר געלעכטער האָט זיך צעגאָסען איבערן וואַלד אין אַ דרייפאַ־
כיג עכאָ. אַ גרויסער ווייסער פויגעל האָט פאַרלאָזען זיין נעסט
און איז ערגעץ פאַרשוואונדען געוואָרען. אַ וועווערקע איז אַראָפּ־
געפאַלען פון אַ צווייג און איז אַנטלאָפען געשווינד. איין ריטער
האָט פון אַן אומפאַרשטענדליכער סבה אַ ציטער געטאָן, די איבע־
ריגע האָבען זיך איבערגעקוקט: „לילי לאַכט".

יעדערער וואָלט וועלען מיט וואָס עס איז איר צופרידען
שטעלען, איין פאַן טארלא קוקט אויף זיין יפת־תואר מיט ווי־
איגקייט, מיט האָפנונג, ער איינער באַדאַרף זיך נישט חנפ׳נען צו
איר: זי איז זיינע, ער — אירער.

אָט קושט ער זי פאַר אַלעמען אין די אויגען און זאָל ווער
אַ צווייזייטיגען שמייכעל טאָן, דאַן ליגט פאַן טאַרלא׳ס האַנט
אויף דער שפאַגע.

ער איז אַ בייזער און אַ היציגער און שטאָלץ איז ער
פון לילי׳ס ליבע.

„לילי לאַכט".

—וואָס לאַכסטו, לילי? שיינע לילי!

—איך בין מקנא דעם פוקס, וואָס פאַרנאַרט אונז און פאַר־

פירט אונז אַלץ טיפער אין וואַלד אַריין.

באַלד האָבען זיך דערהערט שטימען:

— מיר ווילען אים כאַפּען, זיין פעל וועט פאַרדעקען דיי־נע שיינע אַקסלען, לילי! הערשערין אונזערע...

—נו, גוט. דערווייל אָבער דאַרף מען טראַכטען פון פּריש־טיק. זי האָט נישט פונאַנדערגעזאָגט, נישט באַפוילען, אָבער די דינער זיינען שוין געלאָפען ערפילען איר פאַרלאַנג.

שופרות האָבען כסדר געשאַלט, פון אַלע זייטען וואַלד זיינען אָנגעקומען די אויסגעהונגערטע יעגערס, אַ שטיק וואַלד איז געוואָרען אויסגעהאַקט און אויפ׳ן פרייען פלאַץ האָט זיך די געזעלשאַפט פריילאך פאַרבראַכט.

מענשען, פערד און הינט אין ווילדען וואַלד. ווייט, ווייט האָט אָפּגעקלונגען דאָס לאַכען פון דער יונגער לילי, זי האָט איצט אויסגעזען ווי אַ געטין; פאַן טאַרלא איז פאַר׳שכור׳ט פון אירע בליקען.

אָט שטייט ער אויף, ער וויל באַגריסען זיין געליבטער מיט׳ן בעכער ווייין אין האַנט. אַלע ווערען שטיל, ווער פון ניי־געריגקייט, ווער—פון שרעק: פאַן טאַרלא איז אַ שטרענגער, מיט אים טאָר מען זיך נישט שפּילען.

נאָר אין דעם מאָמענט, ווען עס ווערט שטיל, דערהערט זיך אַ נאָענטער רויש צווישען די געדיכטע בוימער, פונקט ווי אַ חיה וואָלט זיך צו׳גנב׳ענען.

די יעגערס שפּרינגען אויף פון זייערע ערטער מיט די ביקסען אין די הענט.

עס איז אָבער נישט נויטיג:

פון די קוסטעס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מענש באַוואָפענט מיט אַ קליינעם ביקס. ער האָט זיך פאַרנייגט אין דער צייט, ווען דער עולם האָט זיך באַרואיגט און יעדערער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ.

עטליכע פון די יעגערס האָבען אים דערקענט און זיי האָ־בען אויסגעשריען:

— דער „שוואַרצער הירש", דאָס איז דאָך דער „שוואַר־

צער הירש״!

ער איז טאַקי ענליך געווען מיט זיינע הויכע פיס צו אַ הירש, זיין געזיכט און די הענט זיינען געווען פאַרברענט פון זון און עס האָט אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער שטאָל.

לילי האָט זיך ווידער פונאַנדערגעלאַכט:

— מיר האָבען אַ פוקס געזוכט און אַ הירש איז געקומען.

דער ביי-אָנגעקומענער האָט זיך טיף פאַרנייגט:

— געשעצטע פרוי! געשעצטע יעגערס! דעם פוקס, וואָס איר זוכט, וועט איר שוין איצט נישט געפינען... די חיה איז זעהר קלוג: עס האָט דערשפּירט, אַז מען זוכט עס, און עס איז פאַרשוואונדען געוואָרען פון דעם געגענט. איך האָב דעם פוקס מיט אַ טאָג פריער געזען אין וואַלד, איך האָב אים לייכט געקאָנט אַוועקלייגען, נאָר איך טויט בלויז די חיות, וועלכע זיי- נען מיר נויטיג צום לעבען, דער פוקס איז מיר נישט נויטיג געווען...

ער איז שטיל געוואָרען, דאַן האָבען די יעגערס ביי אים געפרעגט:

— און זיין פעל, דאָס טייערע פעל? די מתנה פאַר לילי׳ן?

— איך שענק נישט קיין מתנות...

לילי האָט אים די גאַנצע צייט אָנגעקוקט. דערנאָך האָט זי אים פאַרבעטען צום פרישטיק. ער האָט זיך אַנטזאַגט און איז אַוועק.

עטליכע פאַרטרויטע לילי׳ס קנעכט זיינען אים נאָכגעגאַנ- גען: לילי האָט באַפוילען, זיי זאָלען אים פאַרהאַלטען ביז נאַכט.

---

אין דערדאָזיגער נאַכט איז פאַן טאַרלא געווען אומרואיג און בייז: לילי מיט אירע פאַרטרויטע דינער זיינען ערגיץ פאַר- שוואונדען געוואָרען.

און אין צווייטען זייט וואַלד, אויף אַ בערגעל, וואו די בוימער זיינען שיטער געווען, אַהין אַז מען האָט געזען אַ סך שטערען אין דער טונקעלער בלויקייט פון הימעל,—דאָרטען איז

איצט געשטאַנען לילי נעבען דעם „שוואַרצען הירש" און צו אים גערעדט:

— איך האָב געהערט פון דיר מאָדנע זאַכען: דו לעבסט אין וואַלד און אויף די בערג, ביזט פלינק ווי אַ הירש... פון מענשען אַנטלויפסטו, נאָר, אַז דיר געפעלט ווען אַ פרוי, צי אַ טאָכטער פון די בערג-לייט, באַפאַלסטו דאַן דיין קרבן, ווי אַן אָדלער באַפאַלט אַ קליין שעפסעלע, און דו אַנטלויפסט אין וואַלד מיט דיין אויסגעקליבענער.

— יאָ, עס איז אַזוי! — האָט דער „שוואַרצער הירש" געענטפערט...

— אפשר איז דער גורל שוין געפאַלען אויף מיר? דו זעסט אין בין שיין... און דו געפעלסט מיר שטאַרקער פאַר אַלע מיינע ריטער... דיינע הענט זיינען ווי פון שטאָל, דיין בליק איז אַן אָדלער-בליק... ענטפער מיר, שוואַרצער הירש...

און שטייענדיג אָנגעשפּאַרט נעבען בוים, האָט דער „שוואַרצער הירש" געענטפערט:

— דו געפעלסט מיר שוין פון לאַנג, לילי! איך זוך דיך שוין פון לאַנג... נאָר איצטער האָסטו מיך געפאַנגען און מער פאַר אַלץ האָב איך ליב די פרייהייט. דיינע קנעכט האָבען מיך געהיט אַ גאַנצען טאָג און איבער דער צייט האָב איך שוין פעסט באַשלאָסען: איך וועל זיך נישט אונטערגעבען, איבער מיר וועסטו נישט הערשען, איך האָב ליב די פרייהייט מער פאַר אַלץ. נישט איך דיך, דו האָסט מיך געפאַנגען.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים אירע אָרעמס:

— שטויס מיך נישט אָפּ, צום ערשטען מאָל בין איך אונטערטעניג, אין דער פרי וועסטו זיין פריי, ווי ביז אַהער.

— ניין, שיינע לילי! דער פרייער וואַלד, מיין פריינד דער וואַלד וועט מיך מער נישט צונעמען אין זיינע געהיימע געצעלטען, די פויגלען וועלען מער מיין שטאָלץ נישט באַזינגען.

— אָבער, וואָס פאַרלאַנגסטו, ווילדער מענש, איך וועל דיר אַלץ געבען.

— באַפעל דיינע קנעכט, וואָס זיינען דאָ אַרום באַהאַלטען,

זיך פונאַנדערצוגיין, און דו אַליין קער זיך אום צו דיינע ריטער און וואַרט, אפשר וועל איך ווען קומען און דיך באַזיגען.

אַ גלייכקייט האָט פאַרגאָסען לילי'ס פנים. צום ערשטען מאָל האָט זי געהערט אַזעלכע ווערטער. זי האָט זיך געשטאַרקט:

— נו, זאָל זיין אַזוי, וויך וועל דיך פאָלגען, אָבער ער-לויב מיר פאַרן אַוועקגיין דיך אַ קוש געבען.

זיין פעסטע האַנט האָט זי אָפּגעשטויסען.

אין דעם מאָמענט האָט אַ בליץ געטאָן אין לילי'ס האַנט אַ קליינער שפּיז און דער „שוואַרצער הירש" איז געפאַלען אויף דער ערד:

— אויב נישט מיט מיין שיינקייט, וועל איך דיך מיט מיין שווערד באַזיגען.

— אַך, ווי שיין דו ביסט איצטער, לילי! פיל שענער, ווי פריער. אַך, לילי! ביזט אַ טיגער און גליקליך דאַרפען זיין די, וואָס באַזיגען דיך...

— דו האָסט דאָך מיך געקאָנט באַזיגען, „שוואַרצער הירש!" זאָג איין וואָרט, איך וועל צונויפרופען מענשען, מען וועט פאַר-האַלטען דאָס בלוט, וואָס פליסט פון דיין וואונד, זאָג איין וואָרט, מען קען דיך נאָך רעטען...

— באַפעל דיינע קנעכט, וואָס זיינען דאָ אַרום באַהאַלטען, זיך פונאַנדערגיין, און דו אַליין קער זיך אום צו דיינע ריטערס... איך האָב ליב די פרייהייט.

ביי די ווערטער איז ער געשטאָרבען.

---

אין דעם שענסטען גאָרטען פון לילי'ס שלעסער איז פון דעמאָלט אָן אַ גרויסאַרטיגער מאָנומענט געשטאַנען, און גאַנץ אָפט ביינאַכט פלעגען די שטערען זען אַ זינדיגע פרוי, וואָס פלעגט קומען פאַרשלייערט און לאַנג, לאַנג קניען ביי דעם מאָנומענט...

# אויפ'ן בית-עולם.

מער טו איך עס נישט... נאָר דעמאָלט, ווען די קליינע שטיפּע'קע אירקע האָט אַ פרעג געטאָן:

—„ווער פון אייך וועט גיין איצט אויפ'ן בית-עולם אַליין?"

האָב איך דער ערשטער אַ געשריי געטאָן:

— איך...

און וואָס איז דאָרט פאַראַן מורא צו האָבען? די טויטע זיינען דאָך טויט און אין קיין שדים גלויב איך נישט, דעם קאַזמערזשער בית-עולם קען איך גענוג פון מיינע בייטאָגיגע שפּאַצירען. בין איך געגאַנגען אַליין אויפ'ן בית-עולם אין אַ טונקעלער אלול-נאַכט.

אודאי האָב איך זיך געוואָלט אויספיינען פאַר אירקען. איך לייקען דאָס נישט אָפּ, די איבעריגע מענער פון אונזער געזעלשאַפט זיינען געבליבען שטיין און זיי האָבען נאָך מיר אָפּגערעדט. איינער האָט געזאָגט, אַז מען באַדאַרף זיך נישט שפּילען אין העלדישקייט. דער צווייטער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט אַמאָל געלייענט, דאָס איינער איז פון אַזאַ העלדישקייט משוגע געוואָ-

רען. איין אירקע, וועלכע האָט זיך מער פאַר אַלעמען געשראָקען פאַרן בית-עולם, האָט זיך אָנגערופען צו מיר:
— איר האָט געגעבען אייער וואָרט...
— גוט!...

מען האָט מיר געשטעלט אַ באַדינגונג: איך באַדאַרף זיצען אויפ׳ן בית-עולם, ביז וואַנען מען וועט מיך נישט אָנרופען מיט׳ן נאָמען. און רופען מעג מיך בלויז אירקע, זי האָט קיין אַנדערן נישט געטרויט.

איך האָב פלינק אַריבערגעקלעטערט דעם פּאַרקאַן און געבליבען אַליין אין דער פינסטערניש. הינטער דעם פּאַרקאַן, האָב איך געהערט, ווי עמיצער האָט אַ לאַך געטאָן, באַלד איז שטיל געוואָרען, די אויגען מיינע האָבען זיך אַ ביסעל צוגעוואוינט צו דער פינסטערניש. איך האָב גענומען שפּרייזען.

דער קאַזמערזשער בית-עולם איז שוין אַלט עטליכע הונדערט יאָר. ער איז זעהר פאַרלאָזען, פאַרוואַקסען מיט ווילדע קוסטעס און אַלטע הונדערט-יעריגע, צעבראָכענע מצבות וואַלגערן זיך אונטער די פיס. איך בין געווען רואיג, זעהר רואיג, דער גאַנצער שרעק פון איצט איז דאָ גאָרנישט געווען.

מיט אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז עמיצער גייט מיר נאָך. איך האָב אַ ציטער געטאָן. אין דער אמת׳ן איז דאָס געווען אַ בוימעל, וואָס דער ווינט האָט אַ בויג געטאָן, אין דער נאַכט האָט עפּעס אַ נאַכט-פויגעל אַ קוויטש געטאָן,—ווידער אַ ציטער.

ווער איך אויף זיך אין כעס און שריי צו זיך אויס:

— זאָלען אַפילו צוואַנציג מתים אַרויסגיין אַנטקעגען און טאַנצען, וועל איך זיך נישט דערשרעקען. האָט מיין געדאַנק נאָר דערמאָנט דאָס וואָרט „מת". האָב איך זיך שוין באַלד פאָרגעשטעלט אַ סקעלעט מיט אַ צובראָכענעם שאַרבען... לאַך איך צו זיך אַליין און שרעק זיך אַ ביסעל... דער סקעלעט גייט נענטער, שטרעק איך אויס מיין האַנט און רוף אויס:
— שלום עליכם!

נעמט דער גאַנצער בית-עולם לאַכען, פון אַלע זייטען באַווייזען זיך מתים, איך ווייס דאָך, אַז דאָס אַלץ איז אַ האַלוצי-

נאַציע. נאָר אָפּטרייבען פון זיך די שרעק האָב איך שוין קיין כח נישט, איך וואָלט זעהר וועלען מען זאָל מיר שוין אַ רוף טאָן. וויל איך שוין גיין נענטער צום פאַרקאַן, און דאָרטען וואַרטען. דערזע איך, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט. אַ קאַלטער שווייס באַגיסט מיר און וועלענדיג גיין ווייטער, שטויס איך זיך אָן אָן אַ בוים און צוקלאַפּ זיך דעם קאָפּ...

איך וויל אַ געשריי טאָן, נאָר אירקע מיט אירע שעלמישע אויגעלעך נעמט שוועבען פאַר די אויגען.

— שעמט זיך.

— וואָס האָב איך מורא? בייטאָג האָב איך נישט איינמאָל שפּאַצירט און געלייענט די מצבות. דער גאַנצער שרעק מיינער קומט דאָך נאָר דערפון, וואָס די זון איז אַוועק און די נאַכט האָט אַלץ צוגעדעקט, בלויז דערפון, נישט דער טויט מיט די סקעלעטען שרעקען מיך, נאָר די פינסטערע נאַכט...

פּלוצלונג רופט מיך ווער, אָבער נישט פון דאָרטען, נישט מיינע חברים מיט אירקען, דאָ נאָנט שעפּטשעט ווער צו מיר.

איך הער מיין נאָמען, מאַך איך צו די אויערן. איך הער אָבער ווידער מיין נאָמען...

אַלץ נגב׳ישער און זיסער שעפּטשען צו מיר הונדערטער, הונדערטער שטימען און נענטער, נענטער... האַרטע, ביינערנע הענט נעמען מיך, גלעטען און שטעכען און האַלזען...

איך האָב דערזען מיט אַמאָל אַלע געשטאָרבענע דורות. אַלטע און יונגע פאַרשטאָרבענע, איך האָב דערזען, ווי הונדערטער מענשען ראַנגלען זיך מיט׳ן טויט און הונדערטער לויות; געוויינען, געשרייען. איך האָב דערזען אָפענע קברים מיט צעפוילטע צעפאַלענע קערפּער און ביינער, ביינער, ביינער... פון אַלע קברים איז איין גרויסער קבר געוואָרען, פון אַלע געשרייען אַ גרויסער ווילדער יאָמער...

איך האָב גענומען לויפען אין דער פינסטער, איך בין געפאַלען און ווידער געלאָפען, צעהאַקט און פאַרוואונדעט די הענט און די פיס, איך בין געלאָפען צום פאַרקאַן, איך האָב דעם וועט פאַרשפּילט, איך וויל דאָ נישט אויסזיצען מיין צייט. איך האָב

שוין געגומען אריבערקלעטערען דעם פארקאן, האב איך דערמאנט דערהערט ווי מיין קליינער טייוועל אירקע רופט מיך מיט איר שטימע...

—קומט ארויס, שוין גענוג מיט די מתים, קומט צו די לע-בעדיגע.

איך האב זיך א ביסעל בארואיגט. געגומען לאנגזאמער קרי-כען איבערן פארקאן. מיינע באקאנטע האבען מיך אפגעווארט און באגריסט מיט פריילינע געשרייען.

פון מיין שרעק האבען זיי נישט געוואוסט, זיי האבען אויך נישט געוואוסט, פארוואס איך האב געאיילט אהיים.

איך בין געלאפען באטראכטען מיינע וואונדען אויפ'ן קער-פער און זיי ארומבינדען, און באשלאסען האב איך, נאכאמאל עס נישט צו טאן...

# אײנער פון ארקעסטער.

עס האָט אַזוי פּאַסירט: אײנער פון אָרקעסטער איז געבליבען נאָכ'ן קאָנצערט אונטער דער סצענע, און אײדער ער האָט זיך אָריענטירט, איז דאָס ליכט פאַרלאָשען געוואָרען און ער האָט לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט אין דעם פינסטערן, לײדיגען זאַל. ער האָט געזוכט און געפונען סוף-כל-סוף אַן עלעקטרישע קנאָפּקע. אין זאַל איז ליכטיג געוואָרען. אין לאַנגע-לאַנגע רײען זײנען געשטאַנען הונדערטער שטולען, סימעטריש, װי סאָלדאַטען. די גרויסע לאָמפּען האָבען ווידער באַלויכטען יעדעס ווינקעלע. פון די ווענט האָבען אַראָפּגעקוקט די בילדער פון באַרימטע מוזיק-מײסטער.

דער פאַרשפּעטיגטער מיטעליעריגער פידעל-שפּילער האָט איצט דורכגעלעבט אַ מאָדנעם געפיל, אַ געפיל פון אַ הײליגען, ווען ער בלײבט אַלײן אין טעמפּעל.

דאָ, אין דעם זאַל, זײנען אַוועק זײנע בעסטע יאָרען. זײ יוגענט האָט זיך אים איצט דערמאָנט. מיט צוויי צענדליג יאָר צוריק איז ער דאָ געשטאַנען צום ערשטען מאָל אויף דער סצענע.

אינמיטען דער סצענע שטייט אַ שמאָלער פּיעדעסטאַל, צוויי טרעפּ די הויך. אויף דעם ראָזיגען פּיעדעסטאַל, וואו סאַראַסאַטע, יאָ-אַכים און די איבריגע וועלט-ווירטואזען האָבען געשפּילט, איז ער אויך איינמאָל, בלויז איינמאָל געשטאַנען אין זיין לעבען. הונדער-טער הענט האָבען זיך דאַן צו אים געצויגען, הונדערטער פּוּיען האָבען מיט די אויגען צום יונגען בחור'ל געשטראַלט, מיט בלו-מען האָט מען אים פאַרשאָטען... דאָס איז געווען דער שענסטער און איינציגסטער מאָמענט אין זיין לעבען. ער האָט אויסגענומען, זיין סאָלאָ־אַרויטרעטען אין געווען אַ פּראָבע און מען האָט אים דאַן צוגענומען אַלס ערשטע פידעל אין גרויסען באַרימטען אָר-קעסטער.

אַ יאָר איז אַוועק, צוויי יאָר... און ער איז ווייטער נישט געגאַנגען. עפּיס איינער אַ פּראָפעסאָר, וואָס צו זיין מיינונג האָט מען זיך שטאַרק צוגעהערט, האָט פון אים נישט געהאַלטען. צי דאָס איז געווען אַן איבערצייגונג אָדער בלויז אַ קאַפּריז פון אַ פאַך-קענער... נאָר די איבריגע לערער און קריטיקער האָבען זיך שוין אויך נישט אַזוי שטאַרק געפרייט מיט'ן נייעם שטערען: אַנדערע האָבען טאַקע איינגעפונען, אַז דער טאָן איז ביי אים צו-שוואַך, די צווייטע האָבען געהאַט דערביי זייער פּערזענליכען חשבון: מען האָט נישט געוואָלט אויסהאָדעווען אַ נייעם קאָנקו-רענט. אָט אַזוי איז ער געבליבען זיצען אין אָרקעסטער. צום אָנפאַנג אין דער ערשטער ריי, שפּעטער אין דער צווייטער, ביז מען האָט אים אַזוי פאַרשטופּט אויף איינעם פון די לעצטע פּלעצער. פאַר דער צייט זיינען נייע קינסטלער אויפגעוואַקסען, נייע נעמען... פאַר אים אין די אויגען זיינען אַנדערע מיט ווייניגער טאַלענט גרויס געוואָרען.

אין דער צייט, ווען ער פלעגט זיצען און שפּילען אין אָר-קעסטער, פלעגט פיל מאָל טרעפען, אַז אַ באַגייסטערונג פלעגט אים אַרומכאַפּען, נאָר זיין שפּילען האָט קיינער נישט געהערט: געשפּילט האָט דער אָרקעסטער. די גאַנצע סימפאָניע. אָבער ער אַלס באַזונדערער מענש מיט זיין פידעל און נשמה האָט דאַן נישט עקזיסטירט. ער מוז פאָלגען דעם דיריגענט. נאָכ'ן קאָנ-

צערט פלעגט ער אַרויסגיין פון זאַל, די פידעל באַהאַלטען אין שיידעל און די פאַרביטערונג — אין האַרצען. דער עולם שטייט אויפ'ן גאַס און וואַרט אויפ'ן סאָליסט, כדי אים ווידער צו באַגריסען מיט בראַוואָ-געשרייען, און אַז מען פלעגט אים, דעם אומבאַוואוסטען, דערזען, פלעגט עמיץ פון עולם אַ זאָג טאָן: „דאָס איז דאָך איינער פון אָרקעסטער און קיינער אינטערעסירט זיך מיט אים נישט מער”.

פאַר זיינעם אַ פריינד האָט ער זיך איינמאָל באַקלאָגט:

— ברודער, דו ווייסט נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ גיהנום: פילען, זיין טויזענט מאָל איבערצייגט, אַז דו האָסט אַ נשמה און דערביי זען ווי די אומגערעכטיגקייט זיגט... איך ווער דאָ דערשטיקט אין אָרקעסטער... אָט גיב אַ קוק: אַ בלינדער איז אַרויף אויף דעם הויף. אָט שפּילט ער אויף זיין הייזעריגער פידעל. ער שפּילט און אים אַליין הערט מען. דינסטען און קינדער באַווייזען זיך אין פענסטער, אַנדערע וויינען... איך בין אים מקנא. אויב ער פילט נאָר, אַז זיין שפּילען ווירקט, דאַן פרייט ער זיך נישט בלויז מיט די פּאָר גראָשען, וואָס ער באַקומט; זיין פידעל טרייסט אים אויך... אָבער מיר, מיר מענשען פון אָרקעסטער, מיר, וואָס מוזען פאָלגען דעם דיריגענט, מיר זיינען אומגליקליך, אויב מיר פילען נאָר די סטרונעס פון אונזערע אייגענע נשמות”.

ער האָט קיין טרייסט פון קיינעם נישט געוואַרט, אין זיך האָט ער באַהאַלטען זיין ווייטאָג און זיין שטאָלץ און געפאָלגט האָט ער דעם שטעקעלע פון דיריגענט.

ער איז איצט געשטאַנען אויף דער סצענע און געטראַכט פון זיין פאַרגאַנגענהייט, פון זיין נישט פרייליכען איצט. די בילדער פון בעטהאָווען און וואַגנער האָבען פון די ווענט אַראָפּגעקוקט. ער האָט באַטראַכט דעם נידריגען פיעדעסטאַל, אויף וועלכען ער האָט אַמאָל זיין טריאומף דערגרייכט; אַ בלינדע קראַפט האָט אים פון דאַנען אַראָפּגעשטויסען און מער נישט אַרויפגעלאָזט.

שטיל אין טעאַטער. ערגעץ הינטער די קוליסען האָט אַ מויז זיך געגראַבעלט, זיך שוין געוואָלט לאָזען אויף אַן אויספאָר-

שונג אונטער די ליידיגע שטילען, נאָר דאָ איז עפּעס פאַרדעכטיג געוועזן. אין זאַל איז ליכטיג און אַ מענש שפּאַצירט אַרום אויף דער סצענע.

שטיל אין טעאַטער. אין גרויסען טעמפּעל קלאַפּט אַ מענ-שענס האַרץ, אין דער אַקוסטיק וועלען זיך באַלד אָפּגעבען די קלאַנגען פון אַ האַרץ...

ער האָט אַרויסגענומען זיין פידעל פון שיידעל. בלויז אויף אַ שפּאַס וועט ער אַרויפגיין אויף די פּאָר טרעפּלעך. ער וויל זיך דערמאָנען, ווי האָט ער דעמאָלט אויסגעזען, דאַן מיט צוואַנציג יאָר צוריק... ער איז געשטאַנען שטאָלץ, אויפגעהויבען דרייסט זיין קאָפּ און געקוקט אויף די ליידיגע שטולען. פּלוצלונג האָט ער שטורמיש אויפגעהויבען די האַנט מיט׳ן סמיק און אַ פּאָר גע-טאָן איבער די סטרונעס...

אין פוסטען זאַל האָט עפּעס אויפגעציטערט. דער ערשטער קלאַנג האָט דעם פידעל-שפּילער געפאַנגען, ער האָט זיך פאַרגע-סען, וואו ער איז דאָ. פאַר די אויגען זיינען אויסגעוואַקסען מענשען: אַלע ערטער באַזעצט, אַלע קוקען אויף אים מיט באַ-גייסטערונג און ער שפּילט אַלץ העכער, שטאַרקער, שטורמישער...

דאָס איז געווען אַ געניאַלע אימפּראָוויזאַציע: ער האָט דערציילט פון זיין לעבען, פון זיינע פאַרלאַנגען, פון אַ יונגען אָדלער, וואָס בייזע יעגערס האָבען געפאַנגען. עס גייט אַ שלאַכט. ער פּאַטשט מיט די מעכטיגע פליגעל און רייסט זיך אַרויס, דער אָדלער.

אים, דעם קעניג פון די פעלזען, וויל מען אונטען אין טאָל אַראָפּברענגען, קינדער זאָלען זיך שפּילען און ריידען מיט אים, אין שטייג זאָל מען אים האַלטען.

עס גייט אַ שלאַכט, די אויגען וועט ער ביי די יעגערס אַרויסרייסען.

נאָר די קלאַנגען פאַלען נידעריג אַראָפּ. אָט אַזוי שפּילט מען אַן עלעגיע, אַ טרויער-ליד, דאָך ביים שפּילער פלאַקערט דאָס האַרץ פון באַגייסטערונג: באַלד וועט ער ענדיגען און בלומען וועלען זיך געמען שיטען צו אים, מענשען וועלען פון די ערטער

אויפשפּרינגען און אים באַגריסען, באַלד, באַלד...

נאָר ער שפּילט זיך מיט זיינע צוהערער, ביז זינלאָזיגקייט וועט ער זיי דערפירען, ווי אַ כשוף-מאַכער רייצט ער זיך מיט זיי, ווייזט זיי דעם וואונדער און וויל זיי אים אינגאַנצען נישט אָפּ-געבען. נאָך אַ טאָן, נאָך אַ קלאַנג, נאָך אַ טיפעניש זיי אויפדעקען, נאָך אַמאָל אַרויפפירען אויף אַ שפּיציגען באַרג ביז אונטער די הימלען.

און פּלוצלונג...

ער האָט געענדיגט. ברייט אויפגעפּעפּנט די אויגען. ווי אַ משוגענער האָט ער איצט אויסגעזען אויף דער סצענע: קיינער אַפּלאָדירט נישט. די שטומע שטולען שטייען ליידיג. ער האָט זיך אין איין רגע אינגאַנצען אויסגעניכטערט פון חלום און ווילד גע-נומען לאַכען.

ער האָט זיך אַליין דערשראָקען פאַר זיין לאַכען. אין האַר-צען איז אַזוי שרעקליך ליידיג געווען. ער האָט געפילט, אַז נאָכאַמאָל אַזוי שפּילען וועט ער שוין נישט קענען: די פּוסטע ווענט מיט די ליידיגע שטולען האָבען צוגעמאַכט אינגאַנצען זיין נשמה.

דאָך אין אָרקעסטער וועט ער שוין מער נישט זיצען: ער האָט צעבראָכען זיין פידעל און איז אַרויס אויף דער גאַס. צום ערשטען מאָל איז ער אַרויס פון קאָנצערט-זאַל אָן אַ פידעל. איצט וועט שוין קיינער אויף אים נישט אָנווייזען: „איינער פון אָר-קעסטער!”

ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער גייט. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער איז שוין פון לאַנג געשטאָרבען. דער הימעל איז טונקעל געווען און פון די העלע שטערען האָבען זיך שטראַלען געצויגען, פון איין שטערען צום צווייטען, פּונקט ווי זילבער-גאָלדענע סטרונעס, צאַרטע און פאַרבענקטע סטרונעס פון די איידעלסטע שפּיל-אינסטרומענטען...

# אין שפּיטאַל.

1

עס גייען טעג אַוועק אין הינער-פּלעט און אָט כאַפּ איך זיך אויף: אויפ'ן בעט זיצט די „שוועסטער" און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אַריין. זי גלויבט נישט, אַז איך בין איצטער ביים זינען, און ווען זי דערהערט פון מיר אַ רואיג וואָרט, אַ קלאָר וואָרט, ציטערט זי אויף.

— שוועסטער!

— וואָס?

— וויפיל טעג האָט עס געדויערט?

— צוויי מעת-לעת...

— אינגאַנצען? אַז חדשים, יאָרען...

מיר ביידע ווערען שטיל. דורך דער וואַנט קרעכצט אַ קראַנ-קער, אַ צווייטער שרייט מיט משוגה'דיגע קולות, אָבער דאָ איז עס אַזאַ געוויינליכע ערשיינונג, טאָג-איין, טאָג-אויס.

— שוועסטער!

— וואָס?

— איר ווייסט, וואו איך בין געווען?

—רעדט נישט, איר טאָרט קיין סך נישט ריידען.
—שוועסטער! איך בין געווען אין אַ מאָדנעם לאַנד, אין פּערסיען, צי אין אינדיען. איך בין געשפּרונגען פון באַרג אויף באַרג, פון שפּיציגע פעלזען אין טאָל אַריין געשפּרונגען און אומעטום האָט מיר נאָכגעטאַנצט אַ קליין מאַלפּעלע... אומעטום, איר הערט, שוועסטער! טראַכט נישט, אַז איך רייד אויף איצט פון היץ. איך דערצייל אייך מיין חלום, עס האָט געדויערט עט־ליכע טעג.
באַרואיגט זיך, רעדט נישט קיין סך...
—יין, שוועסטער! איר מוזט מיך אויסהערען. פון וואַנען נעמען זיך עס אַזעלכע חלומות? בערג פּאַלמען, אוראַלטע צעדער־בוימער, און אומעטום דאָס קליינע מאַלפּעלע.
אויף אַ רגע איז זי פון מיר נישט אָפּגעטראָטען און עס דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז זי וועט באַלד ווידער קומען.
די שוועסטער לייגט אַרויף די האַנט אויף מיינע מידע ליפּען און לאָזט מיך נישט ריידען מער.
שווייגען מיר ווידער אַ לייגגערע צייט.
—שוועסטער!
—וואָס?
—איך האָב געזונגען אין די צוויי מעת־לעת?
—כּסדר, איר האָט כּסדר געזונגען.
—דאָס האָב איך באַזונגען יענץ לאַנד, וואו איך האָב גע־וואַנדערט אין די צוויי מעת־לעת. אַ מאָדנע לאַנד. קיין איין מענש האָב איך דאָרטען נישט געזען. נאָר בערג און שטיינער, משונה'דיגע גרויסע בוימער מיט ווילד־פאַרפלאָכטענע צווייגען. קיין איין מענש נישט, קיין פויגעל, קיין חיה. נאָר אומעטום איז מיר דאָס מאַלפּעלע אַנטקעגען די אויגען געווען, וואו כ'פלעג זיך נאָר אָפּשטעלען, שפּרינגט צו מיר אַרויס פאַר די אויגען, שפּאַרט־אונטער מיט די עלענבויגענס דאָס מאָרדעלע און קוקט מיך אָן, קוקט מיך אָן.

---

## II.

די „שוועסטער" איז זיכער, אַז איך רייד אויך איצטער פון היץ, אָבער איך דערצייל דאָך בלויז מיין חלום. איך וואונ־דער זיך, פון וואַנען נעמען זיך אַזעלכע חלומות.

דער עלטערער דאָקטאָר קומט אַריין. ער באַטראַכט מיך און פרעגט עפּעס ביי דער שוועסטער.

דערביי שאָקעלט ער אַזוי האָפנונגסלאָז מיט'ן קאָפּ:

—ניין, דער וועט נישט אויסהאַלטען.

ביסלעכווייז דערפיל איך, אַז דאָס מיינט מען מיך: איך וועל נישט אויסהאַלטען. און אַ מאָדנער רחמנות צו זיך אַליין נעמט אַרום מיין גאַנצעס וועזען.

הער איך אויף צו ריידען און נעם ווידער טראַכטען ווע־גען טויט. איך בין פעסט זיכער, אַז איך וועל שטאַרבען און צו דעמדאָזיגען געדאַנק האָב איך זיך שוין צוגעוואוינט, איך בין שוין צוגעגאַנגען צו דער גרעניץ פון לעבען און דאָ איז מיין סוף. מערקווירדיג! איך טראַכט נישט פון דאָס, וואָס עס איז גע־ווען—איך וויל בלויז פאָרשטעלען, ווי וועט אויסזען די וועלט אָן מיר, אָן מיר...

עפּעס האַלט איך זיך פאַר אַ גרויסען יחסן. יאָ! ווי וועט עס אַלץ אויסזען אָן מיר? אויף די זון וועלען קוקען מיט איין פּאָר אומעטיגע אויגען ווייניגער, איין ברוסט וועט אויפהערען צו אָטעמען און ווייטער וועט אַלץ זיין ווי געווען: בלומען וועלען האָבען זייער שטענדיגע פאַרב, עס וועט רעגענען, דונערן און טוי וועט פאַלען. נאָך מיר וועט אַלץ זיין ווי געווען. און איך? וואו וועל איך אַהינקומען? מיין פאַרלאַנג? און מיך דאַכט זיך, אַז דער פאַרלאַנג מוז בלייבען לעבען; ער איז שטאַרקער פאַר'ן בשר-ודם.

—שוועסטער!

—וואָס?

—איך רייד נישט פון היץ, איך בין איצט וואַך און ביים

זינען. עס קאָן אָבער זיין, אַז אַ צווייטען מאָל וועל איך זיך שוין נישט אויפכאַפּען.

זי גלעט מיר דעם קאָפּ און באַרואיגט מיך:

—דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, איר וועט געזונט ווערען.

—דער דאָקטאָר האָט עס שוין צו אַ סך געזאָגט און זיי זיינען געשטאָרבען, און איך וועל אויך שטאַרבען, און דערפאַר וויל איך אייך עפּעס בעטען.

אין דער רגע כאַפּט זיך אויף אין מיר די גאַנצע בענקשאַפט צום לעבען און פון פאַרצווייפלונג פאַרשליסען זיך מיר די ליפּען: איך וועל דאָך שטאַרבען—וואָס גייט עס מיך אַלץ אָן?

III.

עס איז שוין פאַרנאַכט. דער באַראַק, וואו איך ליג, שטייט אונטער׳ן שטאָט אין אַ וואַלד. אויף די בוימער פלעכטען זיך רויטע סאַלאַמאַנדרעס, הויכע סאָסנעס, אייביגע גרינע סאָסנעס, שטייען און די פלאַמען און עס רירט זיי גאָרנישט.

דאָס גאַנצע לעבען אַרום איז אַזוי אַנגסטליך, אומעטיג, ווייל... ווייל ביי אונז אין באַראַק שטאַרבען יעדע שעה מענשען. יונג און אַלט. דער טויט קלויבט נישט איבער.

אָט קומט אַריין אַ צווייטע שוועסטער און זיי ריידען ביידע וועגען פאַרשיידענע זאַכען, דאָך יעדע רגע דערמאָנען זיי דעם טויט.

—דו ווייסט,—זאָגט איינע צו דער צווייטער—דער יונגעטשקער מיט׳ן גלאַטען, איידעלען פּנים איז שוין געשטאָרבען, ער האָט זיך אַזוי געבעטען: „איך וויל לעבען, איך וויל לעבען״... אָט אויף דער האַנט האָט ער אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ און איז אויסגעגאַנגען... אַ שאָד, אַזאַ יונג לעבען...

נאָר באַלד פאַרגעסען זיי, די צוויי „שוועסטער״, דעם יונגען בחור און נעמען ריידען פון עפּעס אַנדערש.

דערביי גיט איינע אַ וואונק צו דער צווייטער:

—„ער״ איזביים זינען?

—ניין,—ענטפער יענע— ער רעדט די גאַנצע צייט פון הילף, דערציילט עפעס מאָדנע מעשיות מיט אַ מאַלפּע...

איך בין אָבער ביים זינען. איך קאָנטראָליר דאָס אַלץ, וואָס מיינע אויגען זעען:

אָט איז אַריינגעקומען דער סאַניטאַר. ער האָט געבראַכט אַן עמער מיט אייז און עס אָנגעקעשטעלט אין אַ ווינקעל. היינט וועט מען מיר ווידער אַ גאַנצע נאַכט קילען דעם קאָפּ.

אָט נעמט די „שוועסטער״ אַ פלעשעל מיט דער רפואה און גיסט אָן אַ לעפעל. זי דערלאַנגט עס מיר. איך טרינק.

איך בין ביים זינען, דאָך זאָלען זיי טראַכטען פון מיר, וואָס זיי ווילען. יעדען טאָג טראָגט מען אַרויס פון באַראַק אַ צענדליג געשטאָרבענע...

---

## IV

איך ליג דאָ אין אַ באַזונדער צימער. איך בין אַ פּריווילע-גירטער קראַנקער. דער יונגער דאָקטאָר קומט אָפט צו מיר אַריין און אפשר קומט ער צו דער „שוועסטער״? זי איז אַ יונגע און אַ שיינע.

און דרימל-איין, נאָר אין דרימעל הער איך, ווי מען קרעכצט אין דער אַלגעמיינער פּאַלאַטע. דורך די ווענט פיל איך דאָס גאַנצע לעבען פון שפּיטאָל.

דער יונגער דאָקטאָר טאַפּט מיר דעם פּולס און פּאַרציי-כענט עפעס ביי זיך. דערנאָך זעצט ער זיך נעבען דער „שוועס-טער״ און זיי שושקען זיך ביידע.

עפעס שלאָפט זיך נישט. עס דריקט די נשמה. אַ מאָדנער רחמנות צו זיך אַליין וועקט זיך אויף. איך עפען די אויגען און עס איז מיר אַלץ איינס, וואָס איך זע:

דער דאָקטאָר קושט זיך מיט דער שוועסטער.

---

# V.

שפּעטער. דער דאָקטאָר גייט אַוועק. די שוועסטער צינדט אָן פייער און דאָס עלעקטרישע לעמפּעל הרג'עט אַוועק די סאַלאַמאַנדרעס, וואָס פלאַקערן אויף די סאָסנעס אין וואַלד, און די רויטע לאַטע פון וואַנט ווערט פאַרשוואונדען.

נאַכט. לאַנגזאַם, ווי שווערע שלאַנגען, קריכען די באַלויכטענע שאָטענס אין מיין חדר. איך נעם ציילען די קעסטעלעך פון דער וואַנט-מאַלעריי, אָט אַזוי יעדען אָוונט. איך צייל און קאָן נישט איבערציילען די קעסטעלעך... און דער סאַניטאַר קריכט שוין מיט'ן קאַלטען פענכער אייז און קילט מיין פלאַמיגען מוח.

פאַרוואָס פאַל איך נישט צוריק אַריין אין הינער-פּלעט? עס ווילט זיך שוין צוריק אין יענעם וויסטען לאַנד, וואו איך בין נעכטען געווען. אין קאָפּ איז איין געדאַנק געבליבען, נאָר ער שרעקט שוין נישט מער...

טויט, טויט!

אין דער פּאַלאַטע איז ווידער איינער געשטאָרבען. איך הער דאָרט דעם באַקאַנטען טומעל...

דעם טויטען'ס קרובים זיינען געקומען צונעמען דעם קערפּער.

דינגען זיי זיך אין קאָרידאָר מיט די טרעגערס און קאָנען נישט דורכקומען. איך הער נישט גענוי אַלע זייערע ווערטער, נאָר איין פראַזע קריכט מיר אַריין ווי אַ שפּיז אין האַרצען:

—וואָס, פאַר פופציג רובל וועל איך אייך שלעפּען אַ מת...

עס דוכט זיך מיר. . . . . . . . . . .

עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז מען שוין נאָך מיר געקומען.

דערנאָך הער איך טריט און דערנאָך ווערט שטיל. אַ קראַנקער קרעכצט און בעט זיך דעם טויט.

דער סאַניטאַר דעקט מיך צו. איך כאַפּ אים ביי דער האַנט. איך וויל אים עפּעס זאָגען, נאָר די היץ באַזיגט מיך—איך בין שוין ווידער נישט אויף דער ערד.

ערגעץ אין אַ טראָפּיש לאַנד בלאָנדזשע איך אַרום אין אַן אוראַלטען וואַלד, און רויטע, גרינע, געלע פּאָפּוגאַיען פלאַפּלען צו מיר מאָדנע אומפאַרשטענדליכע ווערטער. איך יאָג זיי נאָך די פליגלען. כאַטש איינעם פון זיי, כאָטש איינעם כאַפּען. איך יאָג זיי נאָך, נאָר איך פאַרפּלאָנטער זיך אין געדיכטען וואַלד. גרויסע בלעטער פאַרדעקען מיר דעם וועג... גיין, ווייטער גיין איז אוממעגליך...

---

# VI

אויף מאָרגען דערציילט מיר די שוועסטער, אַז ביינאַכט בין איך פון צימער אַרויסגעלאָפען און אַרויס אין וואַלד. מען האָט מיך קוים געפונען, בעת איך האָב געוואָלט אויף אַ בוים אַרויפקלעטערן. די הענט זיינען ביי מיר צעקראַצט געווען און די פיס צעשטאָכען. איך האָב זיך כסדר געבעטען, מען זאָל מיר אָפּגעבען מיינע קאָלירטע פויגעל.

—שוועסטער!

—וואָס?

—פאַרוואָס אַנטלויפען די חלומות?

—רעדט נישט קיין סך, איר וועט געזונט זיין...

און אין קאָרידאָר שטעלט מען פעסטע טריט, מען טראָגט שוין ווידער אַרויס עמיצען אין מתים-שטיבעל אַריין...

—שוועסטער! ווי לאַנג וועט עס נאָך געדויערן?

# בײַנאַכט.

איך האָב באַלד פון אָנהייב אָווענט פאַרשפּילט אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט אין מײַן קעשענע. עס האָט נאָך געדויערט אַ לײַנגערע צײַט, ביז איך האָב זיך אָפּגעריסען פון קאָרטען־טישעל. אַ שטראָם לופט האָט זיך אַרײַנגעריסען אין אָנגערויכערטען צימער און דאָס האָט מיך אויפגעוועקט — איך בין אַרויס אויפ'ן הויף און זיך געזעצט אויף דער באַנק, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען אויף אַ זעהר באַקוועם אָרט, פון וועלכען די גאַנצע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפענט... הימעל און שוואַרצער וואַלד אַרום און אַרום. ערגעץ־ווײַט אַ פײַערל און אויבען אין שוואַצען רוים אַ סך בלײַכע שטערען. בלויז עטליכע פון זיי האָבען העל געברענט און געוואונקען... „נישט קאָלעגיאַל“—האָב איך אַ טראַכט געטאָן—„גלאַנצען העכער און ווינקען מיט אַזוי פיל העזה, אין דער צײַט, ווען די אַנדערע שטערען זײַנען אַזוי קליין...“

די שטערען האָבען זיך נישט וויסענדיג געמאַכט און געלויכטען, ווי פריער...

עס איז אַריבער אַ קורצע צייט. איך האָב אָבער געהאַט צייט פיל צו פילאָזאָפירען פאַר די עטליכע צענדליג מינוט.

איך האָב באַטראַכט דעם מילך-וועג. איך האָב געטראַכט פון טויט און לעבען, פון נישטיגען טומעל און פון דער הייליגער רו... איך האָב פילאָזאָפירט, ווייל די נאַכט איז געווען אַזוי... אָדער דערפאַר, ווייל די קעשענעס מיינע זיינען ליידיג געווען...

איך האָב מורא געהאַט צו אָטעמעןברייט און פריי. דאָס איז געווען אַ מאָדנע מורא... איך האָב געטראַכט, טאָמער עפען איך אויף דאָס מויל, פליט אַריין אין מיר די אומרואיגקייט, די אומרואיגקייט, וועלכע איז שוין, אייגענטליך, געווען אין מיר טיף, טיף אויפ'ן דעק פון האַרצען.

וואָס וויל זי פון מיר? איך בין דאָך אַ צופרידענער יונגערמאַן. אַזוי זאָגען אַלע, אפילו דן, דער אומרואיגער חבר דן, וואָס מאַכט חוזק פון מענשענס גליק... דן זאָגט אויך צו מיר זעהר אָפט:

—דיר, ברודערקע, דאַרף זיין נישט שלעכט!

גליקליך בין איך אין זייערע אויגען דערפאַר, ווייל איך האָב באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל און מען האָט מיך צוגענומען אין אוניווערזיטעט, ווייל איך ווייס נישט פון קיין נויט און ווייל עטליכע שיינע לייכטזיניגע פרויען זיינען צו מיר נישט גלייכגילטיג...

אַזוי ציען זיך שוין עטליכע יאָר. עס איז געשען אַ נס... זיי האָבען מיך איינגערעדט, אַז איך בין גליקליך... נאָר ווען איך טראַכט פון מיין גליק, ווילט זיך מיר געפינען נאָך איינעם, אַזאַ גליקליכען, און פרעגען ביי אים: „וואָס איז דאָס אַזוינס גליק?” צי לעבט ער אויך איבער דאָסזעלבע וואָס איך... און אפשר איז דאָס גאָר קיין גליק נישט... בלייב איך נאָר אַליין, ווערט מיין נשמה באַלד אומרואיג. איך מוז מיין נשמה פול מאַכען מיט גליק, ווי אַ יעגער זיין קוילען-טאַש. איך מוז זיין באַוואָפענט מיט האָפנונג. איך מוז האָבען אין קעשענע עטליכע בריף פון פרויען... בריף, וואָס מען שרייבט מיר מיט ציטערדיגע פינגער. בריף, וואָס רופען מיך מיט זענזוכט און ליבע...

„קום, טייערער, גליקליכער! ווּעסטו קומען, וועט זיין יום-טוב, וועט זיין ליכטיג, ווּעסטו פאַרשפּעטיגען וועט מיין האַרץ קלאַ-פּען פון שרעק און ספק און מיינע ליפּען ווּעלען שווייגען און טרוקען זיין... קום! קום!"

אַזוי ציען זיך שוין עטליכע יאָר. צוערשט פלעג איך זייערע בריף קלייבען און באַהאַלטען, דערנאָך, ווען זיי האָבען זיך שוין צופיל אָנגעזאַמעלט, האָב איך זיי איינמאָל אַריינגעוואָר-פען אין פייער... די הענט האָבען אפילו געציטערט דערביי, איך האָב אַ טראַכט געטאָן:

—דאָס ברענט דאָך מיין גליק.—נאָר באַלד איז געקומען דער בריף-טרעגער און געבראַכט אַ פרישען בריף... און אַזוי כסדר...

איך בין אַ גליקליכער מענש... און ווען איך זאָל קומען אַמאָל צו מיינע געליבטע און חברים און אַ זאָג טאָן:

—מיר איז לאַנגווייליג דאָס לעבען, איך בין אַן איינזאַמער מענש, וואָלט מען פון מיר אפילו נישט געלאַכט... פון קאַפּריזען לאַכט מען נישט, קאַפּריזען באַרואיגט מען מיט אַ גלעט, מיט אַ קוש, אָדער מיט אַ גוט-ברודערישען קלאַפּ איבער דער פּלייצע... סיידען איך זאָל פּלוצלונג העסליך ווערען, אָדער עס זאָל מיר טרעפען אַ גרויס אומגליק, אַנדערש וועט דיר קיינער נישט גלויבען. און איך קלאָג זיך נישט, איך האָב ביז איצט קיין צייט נישט געהאַט צו ליידען, נאָר אין דער דאָזיגער זומער-נאַכט זע איך נאָכאַמאָל, אַז גליקליך בין איך נאָך נישט געווען... פאַר-וואָס שרעקט מיך אַזוי די שטילקייט! פאַרוואָס זיץ איך דאָ אונטער'ן פענסטער און הער ווי עס קלינגען די מטבעות אויפ'ן קאָרטען-טישעל... איך וויל נישט אַוועקגיין ווייטער, ווייל דאַן וועל איך בלייבען אינגאַנצען אַליין. אָט שטעל איך זיך אויף דער באַנק און קוק אַריין, וואָס אין צימער טוט זיך... קאָמיש זעען זיי אויס איצט, מיינע חברים. ווי אומגעדולדיג זיי גלאָצען מיט די אויגען און וואַרטען, וועלכע קאָרט עס וועט פאַלען, און דן איז אויך אַזוי פאַרטיפט אין די קאָרטען... עס ווילט זיך מיר אַ געשריי טאָן:

—דן! בייראָן גייט... דאָס איז דער איינציגער מענש, פאַר וועמען ער האָט דרך־ארץ, אַמאָל האָב איך אין דנ'ען זעהר געליבט. איך האָב געמיינט, אַז ער איז בעסער פאַר מיר, נאָר וואָס אַ טאָג ווייטער, זע איך אין אים אַלץ מער שוואַכקייטען, ער האָט דערגרייכט צום שפּיץ פון זיין באַרג. איצט לאָזט ער זיך צוריק אַראָפּ אין טאָל, דער באַרג דאַרף זיין אַזוי הויך, אַז מען זאָל אים דאָס גאַנצע לעבען נישט דערגרייכען... אָך, דן, ציידען איז אויף דיין בערגעל נ'שט געווען אַ בוים? דו וואָלסט גוט געטאָן, ווען דו וואָלסט דאָרט פאַרוואָרפען אַ שטריקעל פאַר זיך... אָט זע, ווי ער גיט אַ וואָרף די קאָרטען און הויבט זיך אויף פון טיש. ער האָט אַלץ פאַרשפּילט, נאָר צו וואָס וואַרפען די קאָרטען נישט העפליך... וואָס זיינען שולדיג די קאָרטען! אָט גייט ער צום וואַש־טישעל און טרינקט פון קריגעל וואַסער, עס ציטערן אים די הענט. איך זע דייטליך, ווי דאָס קריגעל ציטערט אין זיין האַנט... אַזוי גאָר, מיין בייראָניסט, אַזוי גאָר... און ווען דו וואָלסט איצט האָבענגעוואונען, וואָלסטו אויך געלאָפען טרינקען וואַסער מיט ציטערענדע הענט? דיך האָט מען געהאַלטען פאַר אַ שטאַרקען און מיך פאַר אַ גליקליכען... מען האָט אונז איינגערעדט, דן! עס גייען אַרום מיליאָנען מענשען מיט מיקראָבישע נשמה'לעך און ווי זיי זעען וועמען מיט אַ לויט שטאַרקער פאַר זיך, קרוינען זיי אים באַלד מיט די הויכע נעמען: העלד, באַזיגער, גליקליכער... און מיר נעמען צו די לאָרבער־קרענץ און שטאָלצירען.

נאָר פאַר דער נאַכט קאָן איך אויסזאָגען דעם סוד: איך קני פאַר דעם בעסערן פון מיר, איך זוך אים און עס טוט מיר אַזוי וויי, ווען איך דערזע די שוואַכקייט פון בעסערן... איך פאַרליר אים, איך גלויב שוין באַלד נישט אין בעסערן, נאָר דאָס איז דערפאַר, ווייל דער גלאַנץ פאַרבלענדט די אויגען... פאַראַן בעסערע אין די פאַרוואָרפענע אָרימע קוואַרטאַלען פון שטאָט. פאַראַן איינזאַמע שטאָלצע מיט איינגעפאַלענע באַקען, מיט געבויגענע רוקענס, די גאַנצע רייכקייט פון דער וועלט טראָגען זיי אין זיך... איך האָב אַמאָל שוין נאָכגעפאָרשט איינעם

אַזאַ, וואָס האָט געלעבט אויפ׳ן זעקסטען שטאָק, אַ הויקער מיט אַזעלכע קלוגע, אומעטיגע אויגען. ער פלעגט קומען פון זיין אַר- בעט שפעט און בלייבען שטענדיג אַליין. ער פלעגט לייע- נען ביכער און קוקען פון פענסטער אויף דער פרייליכער גאַס ביינאַכט. ער האָט זיך פאַר דער שטילקייט נישט מורא געהאַט. די איינזאַמקייט איז געווען זיין באַרוף...

מיר האָט זיך דאַן אויסגעדוכט, און איצט בין איך אין דעם איבערצייגט: ער האָט עפּעס געוואוסט, דער הויקער. ער, מיט אַזעלע קלוגע אויגען, מיט אַזאַ אומעטיגער רואיגקייט אַראָפּ- קוקען אויף דער וועלט—צו דעם באַדאַרף מען עפּעס וויסען...

דן גייט צום טיר.

ער וועט אַרויסגיין און זיך פאַרוואונדערן, וואָס ער גע- פינט מיך דאָ:

—ביסט נישט ביי איר?—וועט ער פרעגען.

דערנאָך וועט ערריידען פון ביירהאָנ׳ען, און פון צייט צו צייט אַריינוואַרפען אַ פּאָר ווערטער וועגען די קאָרטען.

נאָר איצט ווילט זיך מיר טראַכטען פון יענעם הויקער, וואָס האָט געלעבט אויפ׳ן זעקסטען שטאָק. מיר דוכט זיך אַלץ אויס, אַז איך בין אים מקנא, איך וואָלט אים וועלען אויסזוכען און ריידען מיט אים. כאָטש איך וויים, צו אַזאַ איז שווערער צו- צוקומען, ווי צו אַ מיניסטער, כאָטש קיינער שטייט נישט ביי זיין טיר...

דן גייט... איך אַנטלויף טיפער אין גאָרטען.

# א פערדל

**דער** געוועזענער בעל־עגלה, איטשע, פון דער דינאַסטיע „זלמניאַקעס" איז צו מיר צוגעקומען, בעת איך בין געזעסן אויף דער ווערענדע פון האָטעל „פּאָלסקי".

— פּאַניע... איר קענט דאָך עפּעס שרייבן. אַ יאָ?

— וועגן וואָס האַנדלט זיך, איטשע?

— אַ בריוו צו מיין ברודער וויל איך שרייבן, אַזאַ בריוו, וואָס זאָל אים אַ נעם טון, איך וויל, איר זאָלט אים דערלאַנגען אַ גוט ביסל האָבער...

איך בין מיט זיי פון שטענדיג אָן אַ גוטער ברודער, מיט די קאַזמעזשער בעלי־עגלות און אַז איטשע וויל שרייבן צו זיין ברודער אַ בריוו מיט מיין האַנט, טאָר איך נישט זיין קיין שלעכטער. געמאַכט.

געבראַכט טינט און פּאַפּיר. איך האָב זיך פאַררוקט מיט אים אין אַ ווינקעל פון דער ווערענדע און ער האָט מיר גענומען דיק־טירען.

— שרייבט איהם, אַז די כאָלערע זאָל איהם נעמען, ער זאָל מיר שיקען אויף איין פערדל, איך בעדאַרף אַ פערד...

— איטשע פאַרוואָס שעלט איר אים, אַ ברודער, און איר ווילט אַ טובה פון אים, מען טאָר נישט שעלטן ...

ווערט דער געוועזענער בעל־עגלה אַביסל ווייכער:

— ווער שעלט אים? עס ווערט דען מקוים, אַט שעלט איך שוין דריי יאָר מיין גרעסטען שונא, וועוקעלען דעם נייעם עושר, דעם גרעסטען בעל־עגלה אונזערן. איז וואָס? האָט ער דען נישט געקויפט יענע וואָך נאָך פערד מיט אַ געשפאַן? עס העלפט דען שעלטען?.. אַ נעכטיגער טאָג.

ער האָט גערעדט און איך האָב געשריבען:

„די ווייסט דאָך ברודער משה, ביי אייך אין אַמעריקע ווייס מען דאָך, אַז די מלחמה האָט פון אונז אַ תל געמאכט, מיר האָט עס איינגאַנצען געטראָפן. די קאַצאַפּעס האָבען צוגענומען די פערד, די דייטשען די ברישקעס. איך בין געבליבן ביי גאָרנישט, שטעל זיך פאָר, משה, אַז איך לויף אַרום אַ גאַנצען טאָג, איך קויף אַ בינטעל שטרוי, אַביסעלע ציבעלעס, איך טראָג וואַסער, איך מעקלער פאַר די ליעטניקעס אויס אַ הייזל און פון דעם אַלץ איז קיין פרנסה נישטאָ, נאָר ווען איך זאָל אַפילו האָבן פרנסה און ווען איך זאָל זיין רייך ווי ראָטשילד, מוז איך אויך האָבן אַ פערדל, איך קאָן אָן דעם נישט לעבען“...

איך הויב אויף אויף איהם די אויגען. ער פערשטעהט מיין בליק און רעדט שוין איצט נישט צום ברודער, נאָר צו מיר.

— איר זאָלט פון מיר נישט לאַכען, איך זאָג אייך דעם אמת, איך קאָן נישט לעבען אָהן אַ פערד, פון קינדווייז אָן איינגעוואוינט איך מוז האָבען אַ שטאַל און אין שטאַל מוז שטעהן אַ פערד, אַנדערש קאָן איך רוהיג נישט שלאָפען, אַ גאַנצען טאָג בין איך כמעט פריי, ליג איך ביי׳ם פלומפּ און איך קוק זיך צו, ווי די נייע חברה פראַוועט שטיק, וועוקעלע פיהרט טרינקען די פערד און מאַכט פון מיר חוזק, אַנ׳אָנטרייבער, אַ שמייסער געוועזן ביי מיר... איהם אויף צופיקעניש מוז איך האָבען אַ פערד און נישט איין פערד... פערד זענען אַזוי, ווי קינדער, איז פאַרהאַן איינס, קומט שוין צו אַ צווייטס...

— שרייבט עס, צו מיין ברודער שרייבט; אויב איך וועל נישט האָבען קיין פערד, וועל איך זיך אין וויסל אַריינוואַרפן, נישטאָ וואָס צו לעבען אויף דער וועלט אָהן אַ פערד.

איך האָב ווידער איינגעטונקט די פעדער און מיט דער גרעסטער פלייסיגקייט געאַרבייט:

„די צעהן דאָלאַר, וואָס די האָסט מיר געשיקט, האָב איך בעהאַלטען דאָס ווייב ווייסט נישט, קיינער ווייסט נישט, אויף לייצעס און אויף רעדער האָב איך שוין, דו זעה דאָרט, רעד איבער מיט אונזערע קרובים, מען זאָל ראַטעווען איטשען. דער שוואַרץ יאָר וועט זיי נישט נעמען, ווען יעדערער זאָל געבען צו פאָר דאָלאַר. עס איז דאָך אַ חרפה פאַר דער משפחה, איך זאָל אַרומלויפען און זוכען אַ גראָשען פרנסה פון ציבעלע און שטרוי, און דאָס, וואס די שרייבסט מיר, אַז דו ווילסט זיך סטאַרעווען, איך זאָל אַראָבקומען צו אייך אין אַמעריקאַ, זאָג איך דיר דעם אמת. עס ציהט מיך נישט, עס הויבט מיך נישט אָן צו נעמען. ווי איך האָב געהערט זענען דאָרט כסדר מאַשינען און קיין פערד מיט קיין פרייע לאָנקעס זענען דאָרט בישטאָ אין אייער ניו-יאָרק, עס ציהט מיך נישט, איך וויל דאָ בלייבען, דאָ בין איך געבוירען געוואָרען אין דאָ וויל איך שוי פגר׳ן”...

רייס איך אים איבער.

— אפשר שרייבען „שטאַרבען” נישט „פגר׳ן”...

— ניין, שרייבט, ווי איך רעד, מיין משה קען מיין לשון, ער וועט מיך שוין פערשטעהן.

און איך שרייב ווייטער.

— געדענקסט, משה! ווען מיר פלעגען זיך לאָזען צום ווייסל באָדען די פערד, דער מאַרק פלעגט לעדיג ווערן, אַפילו די קאָזעס פלעגען אַנטלויפען אַ שטויב פלעגט זיך אויפהויבען און מענטשען פלעגען בייז ברומען. די זלמנ׳יאַקעס׳ דער טייוול זאָל זיי נעמען. דער טייוול האָט אונז נישט גענומען, נאָר די מלחמה האט פון אונז אַ תל געמאַכט בי ביזט אין אַמעריקאַ, חיים פוילט ערגעץ אין רוסלאַנד, און איך דין דאָ פערבליבען, כדי דער שמייסער וועווקע זאָל פון מיר חוזק מאַכען... דריי פערד האָט ער שוין דער ממזר און שבת פוצט ער זיך אויס, ווי דער שרייבער פון גמינע, פערבערענט זאָל ער ווערען...

איך האָב אַבגעאַרבייט אַ שטיק צייט מיט איטשעס בריף, איך האָב זיך געסטאַרעט׳ ווי ווייט מעגליך ווייכער צו מאַכען זיינע שאַרפע אויסדריקען און דאָס פלעגט איטשען נישט געפעלן ווערען.

— „שרייבט אַזוי׳ ווי איך רעד, אַ ברודער וועט פערשטעהן אַ

ברודער, ער איז דאָך אויך אַ געוועזענער בעל־עגלה. ער ווייסט, וואָס אַ פערד איז פאַר אַ מענשען, אַ פערד איז עפּעס מער, ווי אַביסל ציבעלע״.

---

עס איז אַוועק אַ יאָהר. אין מיטן רעכטען זומער פון צווייטען יאָהר בין איך ווידער געקומען קיין קאַזמיעש... האָ האָ׳ איטשע שטעהט מיט אַ בריטשקע. ער איז צוגעלאָפען צו מיר מיט אַ געשריי

— פאַניע, עס האָט געהאָלפען, אייער בריוו האָט געהאָלפען׃

איך האָב לויט זיינע בעוועגונגען דערקענט, אַז ער וויל עפּעס טון, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין העזה׃ האָב איך אַליין אונטער־געשטעלט דאס פנים און מיר האָבן זיך צעקושט אויפ׳ן פּולאַווער וואָקזאַל, זיין הארטע באָרד האָט מיר צעריבן די באַקען מיינע, נאָך געקושט האָבן מיר זיך הארציג׃

געפאָרען די פּופצען וויאָרסט ביז קאַזמיעזש, פערשטעהט זיך, בין איך מיט איהם. מעהר קיין פּאַסאַזשירען האָט ער נישט געוואָלט נעמען;

היינט האָב איך דעם בעסטען גאַסט — האָט ער צו די איבריגע בעלי־עגלות געזאָגט.

געפאָהרען און גערעדט. ער פלעגט כסדר הויבען די בייטש, נאָר בלויז געסטראַשעט דאָס פערדל און צו מיר אַ וואונק געגעבען;

— אַ פערדל...

מעהר גאָרנישט גערעדט, נאָר געפיהלט האָב איך, אַז זיין האַרץ איז פול מיט הנאה און גליק...

דערנאָך האָט ער ווידער אַריינגעוואָרפען;

— וועווקע ווערט צעפּלאַצט, איך וועל אים נאָך באַגראָבען. איהר וועט זען.

— פאַרוואָס קומט עס איהם?

— ער איז אַ לאָבוז, ער האָט פון מיר חוזק געמאַכט.

שוין ביים סאַמע שטעטעל האָט איטשע געגומען פּיליזאָפירען:

— יעדער מענש מוז האָבען אַ פערד, איהר פערשטעהט? דער קייסער טרייבט די מיניסטאָרען, די מיניסטאָרען טרייבען די קלענערע

אוזשענדניקעס, די אוזשענדניקעס טרייבען אונז, פייערשטיין דער לעדער־פאַבריקאַנט טרייבט אָן זיינע אַרבייטער, דער רב טרייבט דעם משמש; און אַזוי כסדר, און איך, אַזאַ פראָסטער ייד, מוז אויך האָבען ועמען אָנצוטרייבען, און טאַקי אַ פערדל. גיט נאָר אַ קוק, ווי עס געהט, אַ מחיה! מיר זיצען זיך ווי די פריצים און דאָס טראָגט.. וויאָ!..

געקומען אין שטעטל, געוואָלט בעצאָהלן פאַר דער ר ייזע:

— ניין, היינט נעם איך נישט ביי אייך קיין געלד, איך האָב אייך געפיהרט פאַר׳ן בריף, אַ מזל׳דיגע האַנד ביי אייך..

יאָ זאָל מיר מיין פערדל אַזוי געזונט זיין...

# די קאַסעטקע

## I

צוויי פענסטער מיט קראַטעס און צוויי אייזערנע בעטלעך מיט גרויע שטעכיגע קאָלדרעס. מיר ליגן דאָ אין תּפֿיסה־שפּיטאָל. איין שכן איז אַן אַלטער גנבֿ. שוין דורכגעגאַנגען אַלע תּפֿיסות און אַלע שטראָפֿן.

ער איז קראַנק אויף שווינדזוכט. ער ווייס, אַז מער וועט ער אויף קיין שטיקל „אַרבייט" נישט גיין און דעריבער האָט דאָס לעבן פֿאַרלוירן ביי איהם יעדע ווערט... ער לעבט, ווייל ער איז נאָך נישט געשטאָרבן, ער רעדט אָפֿט וועגן פֿאַרגאַנגענע זאַכן, ער רעדט דעמאָלט ווען דער הוסט לאָזט איהם אָב, ער מוז רעדן, ווייל די לאַנגווייליגקייט צווינגט דערצו.

מיר ביידע זענען דאָ אַליין, מען לאָזט אונז צורוה. איינמאָל אין צוויי טעג קומט דער דאָקטאָר, צוויי מאָל אין טאָג ברענגט אונז אַריין אַן אַרעסטאַנט עסן און מער קומט דאָ קיינער נישט... אויסער די „פּרומאַקעס", וועלכע לויפֿן האַסטיג פֿאַרביי דעם צימער און פֿאַרקריכן ערגעץ אין אַ ווינקעל, וואָס מוז נאָך עלענדער זיין, ווי אונזער תּפֿיסה.

דער דאָקטאָר איז אַ נידריגער און דאַרער מענטשעלע, אַ בייזער. עפּעס אַ מאָדנע בייזקייט, אַ „קאַזיאָנע" בייזקייט, פּונקט, ווי ער וואָלט זיך טראַכטן: מיט אַן אַרעסטאַנט מוז מען זיך אַזוי בעגיין, אַרויסווייזן אַ טראָפּן מענטשליכקייט איז אומגעזעצליך.

נישט איינמאָל פּאַסירט אַזוי. ער בעזוכט אונז אויף זעהר

אַנ׳אָרגינעלען אופן: עס עפענט זיך די טיר פון אונזער קאַמער, עס רוקט זיך אַריין דער דאַרער פּנים פון אונזער דאָקטאָר מיט זיינע גלייכגילטיגע אויגען, מיט זיין פערדאָרבענעם שמייכעלע אויף די ליפּען:

— גוט מאָרגען... וואָס? נאָך נישט געשטאָרבען? אַ גוטען טאָג! און די טיר פערמאַכט זיך. די קראַטעס, די גרויע קאָלדרעס, די פּרוסאַקעס — קוק אויף דעם שעה׳ן. טעג, לאַנגע טעג.

דער קראַנקער גנב מיט דעם טרויעריגען קאָליר פון זיין לייב און פּנים, דער קאָליר, וואָס רעדט מעהר פון טוידט, ווי פון לעבען, ער רופט זיך אָב צו מיר, ווען דער דאָקטאָר געהט אַוועק.

— ווי רעכענסטו? עס איז פאַרהאַן אַ יענע וועלט?

ענטפער איך, אַז איך וואָלט אַליין געוועז אַ בעלן צו פרעגען ביי וועמען... עס אינטערעסירט מיך אויך, אָבער וואס איז איהם עפּעס איצט איינגעפאַלען?

— צי וואָס בעדאַרפסטו אַ יענע וועלט?

— אָט צוליב דעם דאָקטאָר. אויף דער וועלט האָב איך שוין פאַר איהם קיין כח נישט, נאָר ווען איך פּאַק איהם אויף יע־נער וועלט, וואָלט איך איהם אָנגעשטעלט אַביסעל ביינקעס...

און ער שמייכעלט... ווער ווייסט פון וואָס? אפשר דערפאַר וויל ער האָט געהאַט מיט וואָס צו פערנעהמען אַ רגע...

*I*

נישט לאַנג איז פאָרגעקומען זיין לעצטער משפט, ער האָט בעקומען פיער יאָהר תפיסה פאַר גנבענען אַנ׳אייזערנע קאַסעטקע מיט געלד ביי אַ באַנק־קאַסירער.

— פיער יאָהר האָבען זיי מיר געגעבען... אידיאָטען! איך וועל דאָך קיין פיער חדשים נישט אָנציהען.

די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פאַר׳ן משפט, האָבען שטאַרק פערקירצט זיין לעבען. קראַנק איז ער שוין געוועזן פון פריהער.

שטענדיג געפאַהר, אייביק אָנשטרענגונג און קלעפּ, תפיסה,

אַ גאַנץ לעבען האָט ער אַזוי אָפּגעלעבט. איינמאָל האָט ער געזאָגט:

— ווען איך וואָלט קענען אַזוי שרייבען ווי גנבענען, וואָלט איך שענע ביכער געשריבען. ער איז געווען אַ מאָדנער גנב. קיינמאָל נישט געהאַט קיין שותפים, שטענדיג געגאַנגען אויף אייגענער ריזיקע, מיט אייגענע פּלענער און איינפאַלען.

— וואָס האָב איך פון דעם וואָס איך געה מיט אַ צווייטען? געלינגט אונז עפּעס, מוז איך זיך מיט איהם טיילען, פאַלען מיר אַריין, קאָן ער מיך נאָך מעהר פערשיטען... איך אַליין אָבער איך זיך קען שוין גוט, איך קען שווייגען ווי אַ שטיין...

ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אויף קיין „נישטיגע" שטיקלעך אַרבייט. בעסער הונגערען איידער פערברודיגען די הענד מיט אַ דראָבנער גנבה... וועגען איהם האָט מען געשריבען אין די צייטונגען, אויף זיינע פּראָצעסען פלעגען קומען אַ סך אַדוואָקאַטען, שענע דאַמען... יאָ, יאָ, „איך האָב עפּעס בעוויזען אין לעבען".

יעדער נפש מוז עפּעס האָבען אַ פינטעלע, אַ פעדעמל, וואָס האַלט אין זיין נשמה ביז'ן סוף: מיין שכן האָט געלעבט מיט די גאָלדענע עראינערונגען פון זיינע גנבות.

אין דעם גיהנום פון אונזער תּפיסה-שפּיטאָל האָט ער מיך געשפּייזט פון צייט צו צייט מיט די מעשיות פון זיין לעבען, מיט די ריזיקאַלישע אונטערנעהמונגען, אין וועלכע ער האָט געפונען זיין איינציגען בערוף:

— לעבען און נישט גנב'ענען, נישט ריזיקירען... וואָס פאַר אַ לעבען איז דאָס?

אַמאָל פלעגט ער אָבשווייגען אַ גאַנצען מעת-לעת, איינפּינטלען זיך אין דער וואַנט, ווי אַ סקעלעט, ווי אַ מומיע און שווייגען... נישט צוריהרען זיך צום עסען, נישט בעוועגען זיך... אָי, פלעגט מיר שווער זיין מיט דעם האַלבען מת אין איין צימער... אָט נעהם איך אַליין אָבשטאַרבען, אַ שרעק פלעגט מיך בעפאַלען. איך בין נאָך יונג, עס שרייט נאָך אין מיר דאָס לעבען, איך האָב נאָך אַזוי פיעל פערלאַנגען און פלענער... ראַטעוועט! נאָר איך וועל נישט שרייען, איך פלעג איבערשטייגען דעם אייגענעם פּחד און קומען צו זיך...

דורך די קראַטעס פלעגט דאָך אַריין אַ שטראַהל.

III

מאָדנע איז דאָס לעבען, קאָמיש און טראַגיש... דער צופאַל שטייגט איבער אונזער פאַנטאַזיע.

איינמאָל איז ער געגאַנגען גנבענען, ער איז שוין געווען אין יענעם צימער, וואו דער אוצר, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט איז געלעגען...

פלוצלינג צינדט זיך אָן דאָס ליכט און ער דערזעהט אין אַ בעט צוויי איבערגעשראָקענע פנימער.

ווי אַזוי איז דאָס געשעהן? — דער מאַן איז דאָך אַוועקגע־פאָהרען. ער האָט דאָס אַלץ גענוי אויסגעפאָרשט...

מיט אַמאָל זעהט ער ווי זיי ווינקען צו איהם: — ששאַ!

עס זאָל הייסט עס זיין שטיל. מען האָט איהם געלד געגע־בען און ער האָט זיך אָפּגעטראָגען.

— שטאַרק הנאה פון דעם געלד האָב איך נישט געהאַט־איך האָב עס געהאַלטען פאַר נישט־כּשר פערדינסט.

אַין מיין שווערען לעבען אין תפיסה־שפּיטאָל פלעגען זיינע געשיכטעס אַוועקטראָגען מיך ווייט, עס פלעגט מונטערן. ווען ער פלעגט דערצעהלען, פלעגט ער אינגאַנצען אָבלעבען. עס האָט זיך נישט געגלויבט אַז דאָס רעדט אַ בן־מות, אַ מענש מיט געצעהלטע טעג צום לעבען.

ער פלעגט זשעסטיקולירען מיט די הענד בעוויזענדיג, ווי ער פלעגט קריכען אויף אַ מויער, אַריינרוקען זיך אין אַ שמאָלען פענסטער, ער פלעגט אַ סך מאָל פון בעט זיך אויפהויבען און בע־ווייזען, ווי מען שפּרייזט אין אַ פרעמדען צימער אויף די שפּיץ פינגער.

מיטאַמאָל הוסט ער זיך ביטער פונאַנדער און פאַלט ווי אַנ־אונטערגעהאַקטער בוים אויף זיין בעטעל — שוין נישטאָ מעהר קיין כּח, נישט צו גנבענען און נישט צו דערצעהלען וועגען גנבות.

אין אַ טאָג אַרום נעהמט ער שמייכלעז צו מיר. איך זעה,

ער וויל שוין ווידער עפּעס דערצעהלען, שטעל איך אָהן די אויערען.

דעמאָלט בין איך נישט געגאַנגען גנבענען. ביי אַלע הייליגקייטען שווער איך, נישט געגאַנגען גנבענען. דעם בעקערס טאָכטער איז געוועזן אַ כוואַט, אַ מויד, מיר האָבען אָבגערעדט, אַז ביינאַכט וועל איך אַריין דורכ'ן פענסטער, האָט מען מיך געפּאַקט און געמשפּט פאַר גנבענען. איך האָב געשוויגען. זי האָט געשוויגען. זי האָט געמוזט שווייגען.

דערביי נעהמט ער גלעטען זיינע שוואַרצע האַלב-גרויע וואָנסען, וועלכע הענגען אַראָב אָהן מאָס.

— געוועזן אַמאָל צייטען, דער טייוועל זאָל זיי נעהמען די ווייבער. וואָס איך האָב פערדינט פלעג איך אויף זיי פּטר'ן און זיי האָבען ליב געהאַט מיין געלד, און נאָך מעהר האָבען זיי ליב געהאַט מיינע דרייסטע קעצישע קונצען... מאָדנע נפשות זענען די ווייבער, אַלע האָבען זיידענע הענדטעלעך מיט קינדערישע אויגען אין ליעב האָבען זיי די מענער מיט גרויסע בערישע לאַפּעס. ליעב האָבען זיי דעם, וואָס ריזיקירט, און ווען איינער ברעכט דעם קאָפּ צוליב זיי, לאָזען זיי אַ טרעהר און... פערליבען זיך אין אַ צווייטען.

## IV

שטאַרק אומרוהיג און אויפגערעגט פלעגט ער זיין, בעת ער פלעגט רעדען וועגען דער קאַסעטקע, צוליב וועלכער ער איז לעצטענס פערמשפּט געוואָרען.

— זיי האָבען מיך פערמשפּט, אַז איך האָב געגנבעט אַנ'אייזערנע קאַסעטקע מיט פיער טויזענד רובל... אָבער דאָס איז דאָך אַ שרעקליכער ליגען. די קאַסעטקע האָב איך טאַקע געגנבעט, אַ גאַנצען טאָג האָט געדויערט איידער איך האָב עס צוקלאַפּט און איך האָב גאָרנישט געפונען אינעווייניג. גאָרנישט... לעדיג, ווי אַ לעדיגע פלאַש בראָנפען, ווי אַ שאָלעכץ פון אַ נוס... לעדיג!

יאָ, דעם נוס האָבען אַנדערע אויפגעגעסען, דער פערשאָלטענער קאַסירער האָט עס פאַר זיך צוגענומען. אָט פאַר וועמען איך

האָב בעקומען טוידט-קלעפּ. איהם האָב איך געבראַכט מזל מיט מיין בלוט און אונגליק.

מיין שכן הוסט און רעדט. עס האַרט איהם נישט דער טוידט, וועלכען ער וואַרט גלייכגילטיג אָב, עס פערדריסט איהם נאָר, וואָס ער האָט געגעבען די מעגליכקייט אַ צווייטען גליקליך צו ווערען אויף זיין אונגליקליכען חשבון...

ער האָט אָבגעלעבט יאָהרען פון גליק און אונגליק, פאַר אַלץ האָט מען איהם בעצאָהלט מיט תפיסה און קלעפּ.

ער האָט רעזיגנירט פון לעבען, ווען נישט די קאַסעטקע, די טויזענדער, וואָס אַ פרעמדער האָט צוגענומען אָהן ריזיקע... די קאַ-סעטקע, זי לאָזט איהם נישט שטאַרבען רוהיג...

# דער פליגעז-כאַפּער

צווישען די לעטניקעס אין יאַנאָווצע, איז געווען אויך אַנ-אַמעריקאַנער. אַ הויכער געראַזירטער יונגערמאַן, אַ גוטמוטיגער יוד וואָס האָט דאָרט אויף יענער זייט ים אויסגעגלייכט זיין רוקען און אָנגעזאַמעלט אַ ביסעל געלד.

ער איז דאָ געווען מיט זיינע קרובים, געשלונגען פרישע לופט, געריטען אויף פערד, געשיפט זיך אויפ'ן טייך, געטיילט בּרייט נדבות, און דערצו געטריבען גוטמוטיגע ליצנות...

אין שטעטעל דרעהען זיך אַרום אַ סך איינגעבוירענע לעדיג געהערס און סתם אָבגעקומענע מענשען, וועלכע זוכען פּרנסה, און, — אַז עס מאַכט זיך נישט, — שנאָרט מען.

דעם אַמעריקאַנער האָט מען נישט אַראָבגעלאָזט פון אויג, מען איז איהם נאָכגעגאַנגען, אַנטקעגען-געקומען מיט אַ קרעכץ, מיט אַ רחמנות וואָרט. מען האָט געשיקט צו איהם שלוחים, איינער האָט געשנאָרט פאַר'ן צווייטען, ווי עס פיהרט זיך אין אַזאַ יאַנאָווצע.

ער פלעגט זיך אָבּרופען אויף אַלץ, געהאַט אַ דיקען טשעק-ביכעל און אַ פולען בויך, מיט ענגלישע ווערטער:

— יעס... ווערי גוט!

אַ גאַנצער מאַכער איז ביי איהם געוואָרען איינער אַברהמ'ל. די לעטניקעס רופען איהם אַבּראַמעק".

ער פלעגט פון אַמעריקאַנער נישט אָבטרעטען, פלעגט איהם

ברענגען אַ פערד צום רייטען, פלעגט לויפען פאַר איהם אויף דער פּאָסט, און טראָגען צום שניידער אויספּרעסען אַ בגד.

דער אַבראַמעק, וואָס פינטעלט כּסדר מיט די אויגען, איז אַביסעל תמעוואַטע און נישט ווענינער ביטרעוואַטע.

מאַכט זיך שטענדיג פאַר אַ נאַר, זאָגט אידיאָטישע וויצען און נאַרט דערווייל אַרויס אַ פּאָר גראָשען.

אַבראַמעק, זאָגט מען, האָט געלד און דאָס, וואָס ער איז אַביסעל צעדרעהט, איז אַ ירושה זאַך. די מאַמע זיינע איז געווען אַ משוגענע, האָט זיך ליב געהאַט צו פּוצען מיט אַגראַפקעס אין די אוירען אָנשטאָט אוירינגלעך, און מיט אַ פיש-פאַן אויפ'ן קאָפּ. איהרע קאָנצערטען אויפ'ן מאַרק געדענקט נאָך יאַנאָוצע גאַנץ גוט. אינגאַנצען עטליכע יאָהר, ווי זי איז געשטאָרבען.

קומט איינמאָל פאַרנאַכט דער אַבראַמעק צום אַמעריקאַנער יענער איז איצט נאָר וואָס אַרויס מיט אַ גאַנצע חברה מיידלעך און בחורים פון אַ שיפעל...

ער רופט זיך אָב צום אַמעריקאַנער:

— פּאַניע שאַנאָווני, גאָספּאָדין אַ עריק טשיק!

דער „גאָספּאָדין" איז איהם נאָך געבליבען פון די רוסישע צייטען.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט דער אויפגעלעגטער מענש. וואָס פערמאָגט אַ דיקען טשעק־ביכעל... וואָס ווילסטו, אַבראַמעק?

אַבראַמעק נעהמט פינטלען מיט די אויגען און שטאַמעלט אַביסעל צו:

— דער פאַן „אַמעריקאַ" וועט אינגיכען אוועקפאָהרען?

דער עולם לאַכט זיך פריהער אויס פון וואָרט „פאַן אַמערי-קאַ", דערנאָך פרעגט דער אַמעריקאַנער:

— יאָ, איך פאָהר אינגיכען אַוועק, וואָס פערלאַנגסטו?

— אפשר וואָלט מעגליך געווען, אַז דער „פאַן אַמעריקאַ" זאָל פאַר מיר עפּעס געפינען אַ פּרנסה?

— וואָס פאַר אַ פּרנסה ווילסטו!

אַבראַמעק פינטעלט כּסדר מיט די אויגען און רעדט.

— אַלץ איינס, אַבי פרנסה, דאָ וועט מען אויסשטאַרבען פון הונגער אין שטעטל...

דער אַמעריקאַנער איז געווען זעהר אויפגעלעגט און ער האָט זיך געלאָזט וויצלען מיט אַבראַמעק׳ן:

— אָל רייט, אַבראַמעק! סאיז דאָ פאַר דיר אַ פרנסה.

אַבראַמעק איז געוואָרען פרעהליך, די קליינע אויגלעך האָבען נאָכמעהר גענומען פינטלען...

— וואָס פאַר אַ פרנסה?

און דער געראַזירטער דזשענטעלמען שפּאַסט — מיט אַ גאַנץ ערנסטען טאָן:

— אין יאַפּאַן האָט זיך געגרינדעט אַ גרויסע אַקציען־געזעלשאַפט, וואָס אַרבייט־אויס פון פליגען אַ געוויסע רפואה, דעריבער דאַרף מען אין יאַפּאַן פליגען, אַ סך פליגען, און אַזוי ווי ביי אייך אין פוילען פעהלט נישט דער מין. דעריבער נעהם זיך צו דער אַרבייט, אַבראַמעק! נעהם זיך כאַפּען פליגען. פאַר אַ מיליאָן בעקומסטו צעהן דאָלאַר...

אַבראַמעק גלויבט נישט:

— העט, ווער ט׳עס צאָהלען געלד פאַר פליגען?

— אמת׳ אַבראַמעק!

און דער אַמעריקאַנער, וועלכער וויל זיך אויספּיינען פאַר זיינע קרובים און פריינד, ציהט־ארויס אַ גרינעם פינף דאָלאַר פון קעשענע:

— אָט האָסטו האַנד־געלד, אַבראַמעק! וועסט ברענגען אַ מיליאָן פליגען און וועסט בעקומען נאָך געלד.

פון געלד ענטזאָגט זיך נישט אַבראַמעק. ער נעהמט־צו די פינף דאָלאַר און פרעגט נאָכאַמאָל איבער:

— אויף אַנ׳אמת?

— אויף אַנ,אמת! — ענטפערט דער אַמעריקאַנער, נעהם זיך צו דער אַרבייט!

דער עולם בעקומט אַ וואונק, מען זאָל נישט לאַכען און די טראַנזאַקציע ווערט געמאַכט.

אין אַ שעה אַרום קומט אבראַמעק ווידער צום אַמעריקאַנער, ער האָט ביי איהם עפּעס צו פרעגען, טאַקע וועגען דעם ענין פליגען.

— פּאַניע שאַנאָווני, גאָספּאָדין אַמעריקאַנטשיק!

— וואָס ווילסטו ווידער?

ענטפערט ער:

איך וויל וויסען, צי די פליגען בעדאַרפען זיין לעבעדיגע אָדער עס מאַכט נישט אויס זיי זאָלען זיין טויטע?

דער אַמעריקאַנער, וועלכער האָט שוין באַלד פערגעסען די געשיכטע, האָט שיער נישט אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער, באַר אַנ׳אמעריקאַנער קאָן זיך בעהערשען. ער האָט זיך מיט׳ן גאַנצען ערנסט זיך אָבגערופען:

— דאָס מאַכט נישט אויס, די פליגען מעגען זיין טויטע.

און אַבראַמעק, וועלכער האָט שוין געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסען אַלע דינים אין פליגען-כאַפּעריי, פרעגט ווידער:

— און אויב אַ פליגעלע צובּרעכט זיך...

— דאָס מאַכט אויך נישט אויס, אַ פליגעלע שאַדט נישט. אַבי דאָס בייכעלע זאָל בלייבען גאַנץ. פערשטעהסט, אַבראַמעק, פון בייכעלע מאַכט מען עס די רפואה.

אַבראַמעק איז אַוועקגעגאַנגען. אויפ׳ן טהיר פון דער אַפּטייק האָט ער בעמערקט עטליכע פליגען, אַ פּאַכע געטהון מיט דער האַנד און ער האָט זיי געפּאַקט.

ער האָט אָבער באַלד בערעכענט, אַז פאַר איהם אַליין וועט עס זיין אַביסעל צו-שווער און ער וויל טאַקע דעם ענין אַוועקשטע-לען אויף אַ ברייטער מאָס, טאַקע כאַפּען וואָס מעהר מיליאָנען פליגען און בעקומען וואָס מעהר צעהנדליגער דאָלאַרען.

האָט ער גענומען אָרגאַניזירען מיטהעלפערס: די אַלע יונגלעך, וואָס וואַלגערען זיך ביים טייך מיט וועגדקעס און ליגען-אָב שעה׳ן-וויַיז איידער זיי כאַפּען אַ פישעלע, די אַלע און די חדר-יונגלעך האָט אַבראַמעק צוגעזאָגט צו צוויי, צו דריי גראָשען, צו פינף גראָשען פאַר די הונדערט פליגען.

די דאָזיגע יונגלעך האָבען אויך גענומען מיטהעלפערס און

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ גאַנג: וואו מען איז געגאַנגען און וואו מען איז געשטאַנען האָט מען אין יאַנאָווצע געכאַפּט פליגען.

אויף דער זון זייט, אויף אַלע טהירען און אויף אַלע פענ־סטער זענען געפאַלען די בליקען פון די פליגען־יעגערס.

יעדער איי ער פון די יעגערס האָט געהאַט אַ בלעכערען שאַכטעל, אָדער אַ שאַכטעל פון פּאַפּיראָסען, וואו מען פלעגט די געכאַפּטע מציאה בעהאַלטען.

וועגען דער נייער פּרנסה האָבען זיך דערוואוסט עטליכע עלטע־רע לעדיגגעהער, אַ בעל־עגלה, ביי וועמען דאָס פערד איז געפאַלען, אַ בעקער, ביי וועמען די בעקעריי האָט אָבגעברענט, און זיי האָ־בען זיך אויך גענומען כאַפּען פליגען, נאָר איבערהויפּט די קליינ־וואַרג פון שטעטעל.

עס האָט געוואָרדערט, עס האָבען כסדר געפּאָכעט הענד. אין חדר, אין מיטען לערנען האָט אַ יונגעל דערזעהן אויפ'ן חומש אַ פליג און איינס, צוויי...

די פליג איז שוין זיינע, נאָר דערביי כאַפּט ער אויך אַ פּאַטש פון מלמד.

אַ צווייטען יונגעל האָט מען געבראַכט אַהיים אַ צובלוטיגטען... וואָס איז? דאָס יונגעל האָט זיך געלאָזען כאַפּען פליגען פון אַ פערד, האָט איהם דער לעצטער דערפאַר מכבד געווען מיט אַ פוס אין די צייהן. קוים אַרויס אַ לעבעדיגער.

און אַבראַמעק האָט דערווייל געזאַמעלט די פליגען אין אַ רונדע שאַכטעל פון „לאַנדרטען־צוקערקעס."

צו אַ מיליאָן איז נאָך ווייט געווען און אַבראַמעק האָט זיך גענומען שרעקען, אַז צו אַ מיליאָן וועט קיינמאָל נישט קומען... די טויטע פליגען האָבען זיך איינגעצויגען, געוואָרען ברעקלעך און אויסגעזעהן האָבען זיי, ווי אַ האַלב צעמאָלטער פעפער.

אַבראַמעק האָט זיך דערשראָקען און געטראַכט, אַז פון דער פּרנסה וועט גאָרנישט אַרויסקומען...

אַ מיליאָן! אַ מיליאָן איז עפּעס אַזוי פיעל...

און טאָמער מאָהנט דער אַמעריקאַנער די פינף דאָלאַר צוריק? בעסער זיך נישט וואַרפען אין די אויגען, און ער האָט

אויסגעמיטען דעם אַמעריקאַנער... ביז יענער איז אַוועקגעפאָהרען· ער איז געבליבען ביי די עטליכע דאָלאַר, אויסער אַ פּאָר צעהנדליג גראָשענס, וועלכע ער האָט אויסגעצאָהלט זיינע מיטהעלפערס, ער איז אויך געבליבען ביי די אויסגעטריקענטע פליגען און ביי׳ם פער־איביגטען צונעמעניש·

„אַברהם׳ל דער פליגען־כאַפּער".

# אין א קאלטען טאָג

אין אַפּטייק ביי מילזאָנ׳ען איז וואַרים, אויפגערוימט, אין אַ סימעטרישער אָרדנונג שטעהען די ווייסע סלאָיעקעס מיט די לאַטיינישע אויפשריפטען, ביים גרויסען טיש זיצט דאָס „פרייליין״ און לייענט.

מילזאָן אַליין שטעהט ביים פענ:טער און בלאָזט אויס אויף דער פערפרוירענער שויב א ״קוקעריל״ אין גאַס אַריין...

קיינער קומט היינט נישט אין אַפּטייק, א גאַנצען טאָג כמעט גאָרנישט געלייזט, און אַז מילזאָן לייזט נישט קיין געלד, איז די וועלט קיין וועלט נישט.

וויפיעל ער האָט געהאַט אין זיך פאַרע, האָט ער דאָס שוין אויסגעבלאָזען און עס זעהט זיך שוין אַ שטיקעל גאַס, דער פּלומפּ און דער באַרג אַראָב, דער ווייס־פערדעקטער זעהט זיך שוין.

— פּשאַ קרעוו, — רופט זיך אָב מילזאָן צו זיך אַליין..

„פשאַ קרעוו!״ — און בעדייטען זאָל דאָס;

— פאַרוואָס קרענקען זיי נישט? פאַרוואָס קומען זיי נישט בעשטעלען קיין רעצעפּטען?

מילזאָן... אויף איהם וואָלט קיינער נישט געזאָגט, אַז ער איז אַ יוד׳ די קנייטשען פון פּנים, דער בליק, די עכט־פּויליש־ שע וואָנסען׳ און דאָס הייליגע בילדעל׳ וואָס הענגט ביי איהם אין אַפּטייק׳ און די שנאה וואָס ער האָט צו יודען, — אַלץ דאָס איז געווען, מען זאָל אפילו נישט טראַכטען, אַז מיט די

„קאפּאָטשיאָזשעס", וואָס שוואַרגאָטשען אויף „זשאַרגאָן", האָט ער וועלכע עס איז שייכות.

און דאָך גאַנץ אָפט גיט מען איהם צו פערשטעהן, מען דערמאָנט איהם ווער ער איז, דעריבער מוז ער זיך אַביסעל מעהר צוחנפענען צום פאַן פּאוואָלאָווסקי — צום דאָקטאָר, און צום פאַן קופּנער דעם פעלדשער, צום פאַן וואַיט, און צו אַלע־מען, ווער עס איז אַ שטיקעל יחסן אין ־ טעטעל.

און דעריבער פערדאָפּעלט ער גאַנץ אָפט זיין שנאה צו די יודען.

איצט, ווען ער האָט שוין אויסגעבלאָזען אַ גרויס שטיק שויב און עס זעהט זיך שוין דער גאַנצער מאַרק, די פערשניי־טע הייזער מיט די פערשנייטע רואינען, די חורבות, וואָס די מלחמה האָט איבערגעלאָזען. —

איצט קוקט ער מעלאַנכאָליש אויף דער אַרומיגער ווייסקייט, אַלץ איז אַזוי ווי אָבגעשטאָרבען, און דעם ערשטען מענשען וואָס ער דערזעהט, איז חיים דער וואַסער-טרעגער! ער געהט אַרומ־געוויקעלט אין ש...אַטעס און טראָגט אויף שאַנצעס אַ פּאָר עמערס מיט וואַסער, די עמערס זענען אַרום איינגאַנצען גלאַזירט פון פראָסט און אַ קעלט טראָגט פון זיי.

דערנאָך געהט פאַרביי אַן'איינגעבויגענער, אַן'אויפגעציטער־טער דער לאַנגער „שמחה נקבה", ער געהט אין קלויז אריין, לערנען: זאָל ער געהן אַביסעל גיכער, ווייל באַלד וועט ער דאָ פערגלי־ווערט ווערען פון פראָסט.

שפּעטער אַביסעל לויפט פאַרביי אַ פויעריש שליטען, דאָס פערד איז איינגאַנצען בעזילבערט פון פראָסט=שניי און עס דער־מאָנט, אַז דאָרט אונטער'ן שטעטעל איז נאָך קעלטער, וויסטער...

אויפ'ן באַרג ליגט זון, ווי אַ קאַלטער גלאַנץ פון אַ מע־סער, אַ שוואַרצער הונט לויפט פאַרביי, אַ בעוועגליכער פלעק אויף דעם ווייסען פאָהן, דערנאָך בלייבט די גאַנצע ווייסקייט אַליין פאַר זיך.

מילזאָן האָט זיך אַזוי, ווי צוגעשמידט צום „קוקערל" וואָס ער האָט אויסגעבלאָזען, איינוועניג איז וואַרעם און שטיל, פון

צייט צו צייט בלעטערט דאָס „פריילין" איהר בוך, נאָר מילזאָן ריהרט זיך נישט פון אָרט, עס דאַכט זיך, אַז די קעלט פון דער גאַס האָט פערגליווערט זיין נשמה.

וואָלט כאָטש ווער אריינגעקומען פון די פריצים, אַביסעל זיך דורכרעדען — קיינער קומט נישט.

ער איז אַ רייכער מענש, האָט שוין אָבגעקויפט עטליכע הייזער פון אָבגעקומענע יודען, אָבער שטענדיג איז ער בייז...

אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט אַזאַ דאַרע ווייב, וועלכע זעהט אויס מיט צוואָנציג יאָהר עלטער פאַר איהם? יו־דען האָבען איהם פיינט, ווייל ער מאַכט פון זיי חוזק, די קריס־טען חברן זיך מיט איהם, אָבער נאָר ביז זייער שוועל...

עס איז געווען נישט לאַנג — אַ יודישער יום טוב, האָט ער דעם יום טוב נישט געהאַלטען, און פון דעם קריסטליכען יום טוב האָט ער אויך נישט פערזוכט, ווייל טיעף אין הארצען איז איהם דאָס פרעמד.

שטיל, ווייס און ווייס איז די וועלט, אויף אַ צייט שמידט ער זיך איין, קלעפּט זיך איין אין דער ווייסער וועלט אַרום, אַ שווערקייט דריקט איהם, ער קאָן זיך פון דער שווערקייט נישט בעפרייען.

און ער געהט נישט אַוועק פון פענסטער,

פאַר זיין בליק איז אַ צייט נישטאָ קיין איין פּינטעל, וואָס זאָל איהם אויף אַ רגע נייגעריג מאַכען,

ביז עס דערווייזט זיך אַ סילוועט.

פון ווייטען, פון באַרג אַראָב שפּרייזט יאַן דער קוימענ־קעהרער.

מיט דינע פיס און דינע דאַרע הענד, אַ שמאָלער גוף מיט דעם לאַנגען בעזעם־שטריק, וועלכער העגגט אויף זיין פּליי־צע און שלעפּט זיך איבערען ווייסען שניי.

יאַן איז שיכור און ער שפּרייזט אין זיגזאַגען.

אויפ'ן ווייסען פאָן פון דעם פערפרוירענעם שטעטעל זעהט ער אויס, ווי אַ שוואַרצער אַפּעל־מענש.

אַהיי און אַהער שפּרייזט ער און דער בעזעם, וואָס הענגט

אויפ'ן שטריק טאַנצט מיט אַ מאָדנעם ערנסט=קאָמישען טאַנץ אויף ־ו להכעיס.

פלוצלינג לאַכט זיך דער אַפּטייקער פונאַנדער און די פּאַננע וואָס האָט די גאַנצע צייט געליוּענט, רייסט זיך אָב פון איהר בוך און זי פרעגט:

— וואָז איז געשעהן, פּאַניע מילזאָן?

איצט האָט זי מוט בעקומען, ווען דער בעל-הבית לאַכט. פריהער האָט זי מורא געהאַט דעם קאָפּ אויפצוהויבען, פונקט, ווי זי וואָלט שולדיג געווען אין דעם, וואָס אין שטעטעל וויל קיינער נישט קרענקען און מען בעשטעלט נישט קיין רעצעפּטען.

דער אַפּטייקער ענטפערט;

— יאַן דער שיכור האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן שניי.

אָבער גלייך מיט דער פראַגע, ווערט פּאַן מילזאָן ווידער ברוגז און שווייגענדיג.

ער קוקט אין „קוקעריל" און פאָרשט, וואָס דאָ וועט זיין מיט דעם קוימענקעהרער.

יאַן ראַנגעלט זיך עטליכע מינוט אויפ'ן שניי ביז ער הויבט זיך אויף.

ער שפרייזט ווידער אַהין און אַהער. די גאַס איז געוואָרן ברייט פאַר איהם. ער קומט אַלץ נעהנטער צום אַפּטייק...

יאָ...

די אַלטע געשיכטע. פּאַן מילזאָן ווייסט שוין, וואָס עס בעדייט זיין שפרייזען צום אַפּטייק.

ער בלייבט אָבער גלייכגילטיג.

ביז דער קוימענקעהרער איז שוין אויפ'ן שוועל, עס געדויערט לאַנג ביז ער עפענט מיט זיין שיכורער האַנד די טיר.

— דזען דאָברי!

קיינער ענטפערט איהם נישט, ער איז אויסגעשמירט אין שניי און אין סאַזשע און די צוויי קאָנטראַסטען, די שוואַרצקייט מיט דער ווייסקייט מאַכען איהם אַזוי אויסטערליש שרעקליך און קאָמיש.

די דינע פיס זיינע בויגען זיך און אָט באַלד, זיי ברעכען זיך איין...

— גיט מיר אַ רפואה! — בעט ער זיך, גיט מיר אַ רפו-אה! — איך זאָל מעהר נישט שיכור'ן. ס'איז דאָך אַ זינד געגען גאָט און געגען מענשען...

מילזאָן און זיין „פארמאַצעווטקע", די פּאַננע, ביידע קו-קען זיי מיט כעס אויף דעם שיכור'ן מאַן. שוין נישט דאָס ער-שטע מאָל, שטענדיג, ווען ער טרינקט זיך אָן, קומט ער צום אַפּטייקער, מען זאָל איהם געבען אַ רפואה, ער זאָל זיך אויס-היילען פון שיכרות...

— זאָל די פּאַננע איהם געבען וואַלעריאַן-טראָפּענס, וועט ער זיך אָבטשעפּען.

און די פּאַננע גרייט צו אַ פלעשעלע מיט טראָפּענס:

יאַן שטעהט אינמיטען אַפּטייק, דאָ איז וואַרעם, דער שניי פון זיינע בגדים און פון זיינע שיך צערינט אויף דער פּאָדלאָגע און דאָס ברענגט אַריין דעם אַפּטייקער אין נאָך אַ גרעסערען יאוש.

אָר ער פערשוויגט, היינט ווילט זיך איהם שוויגען.

דער שיכור יאַן, איהם ווילט זיך גראָד רעדען און גראָד פון אַזעלכע זאַכען, וועלכע זענען מילזאָנ'ען גאָרנישט צום האַרצען:

— פּאַניע אַפּטעקאַרזשו! זאָל מיר דער פּאַן זאָגען; אַ „באָסקע מאַטקע" הענגט ביי דיר און אין קאָשציאָל געהסטו נישט, וואָס ביזטו אַ קאַטאָליק, צי אַ זשיד?

— פריילין! גיט איהם גיכער די טראָפּענס זאָל ער געהן. נאָר יאַן שטעהט נישט אָב,

— ביזט אַ זשיד, צי אַ קאַטאָליק?

מיט גרויסע צרות פטר'ט מען איהם אַרויס און אין אַפּ-טייק בלייבט פון איהם צערונענער און ברודיגער שניי. עס ווערט פינסטערליך, עס ווערט שווער צווישען די סימעטרישע סלאָיעס מיט די רפואות...

קיינער קומט נישט מיט קיין רעצעפטען. אויף דער גאַס איז קאַלט, די וועלט ווערט פערגליווערט.

דער רייַכער אַפּטייקער, אַ מענש וואָס פערמאָגט עטליכע הייזער און איז פערזיכערט אויף זיין גאַנץ לעבען מיט פּרנסה, —

דער פאַן מילזאָן פיהלט זיך היינט אַזוי עלענד, אַזוי אָרעם...

# דאָס לעדיגע שיפעל

ווען מען קוקט פון אַ=פּעטרי, פון טויזענד=פוסיגען באַרג, פערשטעהט מען דעמאָלס, פאַרוואָס גאָט זאָרגט אַזוי וועניג וועגען יעדען מענשען בעזונדער... מען זעהט זיי נישט, די מענשען פון דער הויך, מען זעהט בלויז די הייזער, די פּאַלאַצען, וואָס זיי האָבען אויסגעבויט און דאָס איז אויך זעהר קליין=קאַרטען=שטיבלעך.

אָבער אונטען געהט אַ פרעהליכער טומעל, אַ זוניג לעבען. די מענשען... יעדער מענש איז אַ גאַנצע וועלט און צוליעב דער וועלט איז ער גרייט אַלע וועלטען חרוב צו מאַכען!

אָבער אונטען איז היינט איינער פון די געבענשטע טעג און דער שמייכעל פון איין בן=אדם שפּיגעלט זיך אָב אין צווייטען.

מען איז אַוועק צום ים. מען האָט אַראָב געוואָרפען די מלבושים און מען לאָזט זיך שווענקען אין די רוישיגע פאַליעס פון גרויסען ים.

ים...

די וואָס לעבען שטענדיג ביים ים, זענען העלדישער און מוטיגער. פאַר זייערע אויגען האָבען זיי אַ ווייטען האָריזאָנט,

עס זאָגט עפּעס צו די ווייטקייט, עס לאָזט צו טראַכטען, אַז די וועלט איז גרעסער פאַר דיין פערלאַנג, נישט נאָר דער ים אליין — די אונבאַגרעניצטע ווייטקייט, וואָס ליגט איבער דיר חעקט און מונטערט.

די וואָס קומען צייטווייליג, קאָנען איהם דערנאָך נישט פערגעסען. אין זייערע שמאָלע גאַסען מיט די הויכע מויערען קומט זיי שפּעטער דער ים פאָר, ווי אַ וויזיע, ווי אַ פאַטאַ-מאַרגאַנאַ און זיי האָבען אין דער גרויקייט אַ חלום, זיי האָבען אין זייער קליין לעבען אַנ׳ערינערונג פון גרויקייט.

אין די בערג זעבען אָנגעפּיקט הייזער, קליינע פּאַלאַצען, גרויסע האָטעלען, און ווען דו קומסט דינגען אַ צימער, פרעגט מען ביי דיר.

— מיט אַ פענסטער צום ים?

— יאָ...

— דאָס קאָסט דאָפּעלט.

זיי טרייבען נוצען פאַר זיך, די מענשען פון דער נאַטורשענקייט, נאָר ווען דו לעבסט עטליכע וואָכען אין אַזאַ צימער „מיט אַ פענסטער צום ים”, פערגעסטו דעמאָלס אָן די מענשען, פערגעסט דעם פּרייז, וואָס די צאָהלסט פאַר דיין צימער, פערגעסט זיך אליין. די ווערסט אַנ׳אַנדער מענש: דער גרויסער ים געהט אריין צו דיר אין דער נשמה, דאָ ענדיגט זיך די גרעניץ פון דיין בעגרעניצטען טראַכטען.

שפּרינגסט אַראָפּ אין דער פריה פון דיין געלעגער און לויפסט צו צו דיין פענסטער און שיקסט אַרויס דיינע אויגען: די געבענשטע שליחים שיקסט דו אַרויס מיט אַ גרוס צו דער גרויסער וועלט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען דיך צו פרעהען, די ווייסע מעוועס, וואָס פלאַטערען ביים ברעג און ווייטער פון ברעג, די צושטויסענע פּאַליעס, וואָס זילבערען און שוימען אויף דער פלאַך פון גרין=בלויען וואַסער, וואָס זעהט אויס ווי אַ

צוגראָבענער דימענט־פעלד — דאָס אַלץ איז גרעסער פאַר דיין בעגריף פון שענקייט, און דער שענסטער געזאַנג פון דער נשמה איז, ווען דו בענשסט אָהן ווערטער.

וואַרפסט אַ בליק אונטען אין גאָרטען, די רויזען האָבען זיך צושאָטען שפּילעווידיג, אין דיין גאָרטען, אין דיין שכנ׳ס גאָרטען ביז דיין שוועל, ביי אַלע שוועלען — געה אַרויס פון צימער — קיין איין פויגעל זיצט נישט פרייוויליג אין שטייגעל.

---

## II.

ווען דאָ טאַנצען מענשען אין וואַסער און פון וואַסער ווען יעדע פאַליע פערפּלייצט זיי אַלעמען אויף עטליכע סעקונדען און שטיקלעך אָבגעריסענער געלעכטער הילכען און צעקלאַפּען זיך אָן די עטליכע מעכטיגע פעלזען, וועלכע שטעהען ביים ברעג, שטיינערנע, גרויע פעלזען, ווי גראַניט, ווי באַלזאַמירטע מאָנאַכען פון דער אייביגקייט. אין דער זעלבער צייט טאַנצען ווייט־ווייט און נאָהנט־נאָהנט שיפעלעך אויפ׳ן ים. ווייסע זעגעלשיפלעך, וואָס זעהען אויס ווי בעוועגליכע טורעמלעך, שיפלעך אָהן זעגלען, וועלכע טרייסלען זיך אויף די רוקענס פון די פאַליעס — ענג און שמאָל איז זיי געוואָרען דער ברעג די עטליכע מענשען, האָבען זיי שיפלעך געדונגען ביים טאָטער און אַוועק ווייטער, ווייטער צו די אונבעפלעקטע פאַליעס, אין וועלכע די זון באָדט זיך אונגעשטערט:

שיפעלעך דינגט מען ביים טאָטער, ער האָט זיי אַ סך, מיט די שענסטע נעמען האָט ער זיי בעקרוינט: „דיאַנאַ", „מינערוואַ", „קלעאָפּאַטראַ", „סאַטורן", „ווענוס".

ער האָלט זיי אויף שטריקעלעך צוגעבונדען צום ברעג, די אַלע „דיאַנעס" און „מינערוועס". ער האָלט גאָט'ס ים אין אָרענדע און צאָהלט דערפאַר געלד דעם יאַלטער מאַגיסטראַט...

שיפלעך בעוועגען זיך ווייט און נאָהנט, אַמאָל פערגלוסט זיך וועמען, נעהמט ער צעהלען, וויפיעל פינטעלעך עס בעוועגען זיך אויפ'ן ים, נאָר די גרויסע גרופּע מענשען איז איצט אויפ'ן ברעג פערנומען מיט שטיפעריי.

אַ דיקער מאָסקווער סוחר איז אריין אין וואַסער, די שטאַרקע פּאַליעס פערפלייצען איהם, נאָר זיי קאָנען איהם נישט אומוואַרפען און אַליין פאַלט ער אויך נישט, ער קאָן זיך נישט בעוועגען, נישט ער שפּיעלט זיך מיט'ן ים, נישט דער ים מיט איהם, און ער וואָלט בעשטימט נישט געקראָכען, ווען נישט די דאָקטוירים, זיי הייסען זיך באָדען, ער מוז זיך אָפּצעהרען פאַרפעסטיגען זיין קערפּער, אויב נישט — וועט ער פּלאַצען. דער באוועגליכער עולם קוקט און לאַכט. צווישען אַ מחנה מענשען מיט שלאַנקע בויגיגע קערפּערס האָט זיך אריינגעכאַפּט, אַ פאַרזעהעניש, אַ מענש מיט אַ גרויסען בויך, מיט אַ דיקען קאַרק, די פּאַליעס שפּרינגען צו אים ביזן מויל און ער בלאָזט און שפּריצט אָפּ פון זיך דאָס געזאַלצענע פון ים, ער איז אונצופרידען אין דער זעלבער צייט, ווען אַלע פרעהען זיך שטאַרק מיט די פּאַליעס. דערנאָך ליגט ער אויף דעם זאַמד און סאָפּעט, די זון גלעט איהם, וואַרעמט און בעשטראַלט זיין אומגעלומפּערטען גוף — ער איז פון דעם אויך נישט צופריעדען, ער איז שוין פון גאָר נישט צופרידען.

דער עולם פערגעסט איהם גיך. עס איז אַ שאָד די בעזוניגטע צייט זאָל אַריבער און פערפאַלען ווערען צוליעב דעם דיקען נפש, מען טאַנצט אריין אין די פּאַליעס און מען בעוועגט זיך אין זייער האַסט, אין זייער ריטם — עס געהט אַ שפּיעל, אַ טאַנץ פון זאָרגלאָזיגקייט.

נישט ווייט פון דאַנען זענען פאַרהאַן הונדערטער גער־טנער מיט רויזען, מיט מאַגנאָליעס, דאָרט אויף יענער זייט ליגט די קייזערליכע ליוואַדיע מיט פאַלאַצען, מיט ווײַן-גערטנער, מאַנדלען וואַקסען, אַבריקאָזען, ציפּריסען שוואַרצלען זיך בײַ די שטיינערנע פּלויטען.

און דאָ באָדען זיך די בעזיצערס פון גאָט׳ס ערד.

קיינער פון זיי בעמערקט נישט, ווי דריי שיפלעך דער־נעהנטערען זיך צום ברעג, אויף צוויי שיפלעך זיצען מענשען און דאָס דריטע איז לעדיג, אײַנגעַנצען לעדיג· זי איז צוגעבונ־דען צו איין שיפעל, וואָס אַ מענש מיט אַ רודער פיהרט עס צום ברעג.

ווען די שיפלעך דערנעהנטערען זיך, הויבט איין מענש אָן צו שרייען, מען הערט וואָס ער שרייט, ער פּאַכעט מיט אַ האַנד און רופט ביז אַלע קוקען זיך אום און אַלע דערפיה־לען איינס; עפּעס איז געשעהען.

דאָס לעדיגע שיפעל האָט דערשראָקען.

די מענשען, וואָס האָבען געבראַכט דאָס שיפעל, דער־צעהלען, אַז זיי האָבען עס געפונען אויפ׳ן פלאַך פון וואַסער, אַ לעדיגס, האָט עס געטאַנצט אויף די פאַליעס. אין שיפעל האָ־בען זיי געפונען אַ בריף.

איינער האָט געעפענט דעם בריעף און די איבריגע האָ־בען זיך אַרומגעשטעלט און צוטומעלט-נייגעריג אויסגעהערט, וואָס דער איינער האָט געלייענט

---

## II

„איך האָב זעהר ליעב געהאַט דאָס לעבען ,איך וואָלט עס

ליעב געהאַט, ווען אַפילו מיט מיר זאָל טרעפען דאָס גרעסטע אומגליק, ווען איך זאָל די פיס פערלירען, וואָלט איך אויף די שטיינער געקראָכען, ווייל די שטיינער וואַרימט אויך די זון. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז איך וועל מיין לעבען נעהמען און אַוועקגעבען דעם שוואַרצען טויט, און דאָך בין איך געקומען צו אַזאַ בעשלוס — זאָל מיר קיינער נישט משפט'ן — איך האָב נישט קיין אַנדער אויסוועג, מיט מיר האָט פאַסירט דאָס, וואָס עס פאַסירט מיט טויזענדער אַנדערע — דאָס איז אָבער אַ קנאַפּע טרייסט, מיט מיר האָט עס פאַסירט און ביי מיר האָט עס אַלץ צוגענומען: אַ פרוי האָט מיך גענאַרט, מיין פרוי, איך האָב זי אויסגעוועהלט, איך האָב איר אָבגעגעבען מיין נאָמען, מיין שטאָלץ, מיין זיכערקייט, אַלץ, וואָס איך האָב פערמאָגט אין רייכקייט און אין נשמה. איך האָב איהר געגלויבט, נאָך אַמאָל אַזוי גלויבען קען איך נישט, נאַרען זיך וויל איך נישט. זי, די שוואַכערע פון מיר, איז געווען מיין פעסטונג, זי איז געוואָרען מיין תפיסה פון לעבען, מיין חרפה. יעדער מאַן איז אַ קעניג, יעדער קעניג טראָגט אַ קרוין, יעדער מאַן... ביז די פרוי, זיין אייגציגע, זיין בעסטע, נאַרט איהם אָב. זי איז נישט אַוועק. זי האָט נישט געזאָגט צו מיר: „דו ביזט מיר געוואָרען צו=לאַסט, דו פרעהסט מיך מעהר נישט, איך וויל זיין פריי פון דיר". זי האָט מיך גענאַרט, זי האָט מיך געקושט מיט פאַלשע ליפּען, דאָס איז געווען די נדבה, וואָס זי האָט געגעבען דעם אָבגענאַרטען, דעם נישטיגען, דעם בעשפּיגענעם, איך קאָן מיט גאָרנישט פערטיידיגען מיין כבוד. סקאַנדאַלען האָב איך פיינד. איך קאָן זיך נאָר ראַטעווען מיט שווייגען און קיין בעסער אָרט, וואו צו שווייגען, ווי אין דער טיעפעניש פון ים, איז נישטאָ".

מענשען האָבען זיך אַרומגעקוקט, נאַקעטע מענשען האָבען זיך גענומען אָנטהון, מען האָט געקוקט אויף דעם לעדיגען שיפעל, אויף דעם וייטען ים. דער האָט געזאָגט אַ וואָרט, יענער...

מען האָט דעם ים זיך געלאָזען אַליין שפּיעלען

עטליכע טעג זענען מענשען געווען איינגעהאלטען, מען האט נישט געליארעמט ביים באדען זיך, מען האט נישט געזונגען.

דערנאך איז אלץ אוועק ווי פריהער, ווי די זון, ווי די בערג, ווי דאס בעשטראהלטע וואסער — עס האט זיך גאר נישט געביטען, נישט ביי דער נאטור און נישט ביי די מענשען.

# פּיִנעלע.

פּויל און לאַנגזאַם גייט די אַרבעט אויף דער דאַמף־גאַר־בעריי אין די הייסע זומער־טעג: די בעלי־הבתים זיינען זיך צו־פאָרען אין די בעדער און דער גאַנצער אויפזעער איז געבליבען איסאַק, דעם שעפ׳ס יונגסטער זון, וועלכער איז נישט לאַנג צו־ריקגעקומען פון אויסלאַנד. ער האָט דאָרט געלערנט עטליכע יאָר און קיין זאַך זיך נישט אויסגעלערנט. פאַרוואָס איז דאָס אי־סאַק געקומען אַזוי פלוצלונג און אָנגעהייבען אַרבעטען אין פאַב־ריק? אָט וועגען דעם האָבען זיך אַרבעטער אַ לאַנגע צייט גע־סוד׳עט, מען האָט נישט געוואוסט אויף קלאָר. נאָר עפּעס האָבען זיי דערשמעקט: אַ מעשה מיט אַ פאַלשען וועקסעל, דער פאָטער זאָל האָבען געפּאָרען צו אים און אים אַרויסגעראַטעוועט, נאָר מיט דעם באַדינג, ער זאָל זיך שוין אויפהערען צו בילדען און פאָ־רען אין פאַבריק אַריין...

איבעריגענס—די אַרבעטער גייט עס שטאַרק נישט אָן, זיי זיינען צופרידען, וואָס זיי האָבען איצט אין די הייסע טעג אַזאַ גוטען אויפזעער: איסאַק קומט זעלטען ווען אַריין אין פאַבריק

[illegible] , וועמען ער דערציילט, ווי ער האָט געלעבט אין אויסלאַנד — איז דאָס געווען אַ לעבען! ווײַן, פרויען, קאָרטען און... דער טײַוועל אַליין פלעגט זיי העלפען, די סטודענטען, אויסזוכען נײַע פאַרגעניגענס. דער דײַטש דערמאָנט זיך אויך עפּעס פון זײַן יוגענט און דערציילט פאַר איסאַק'ן זײַנע העלדישקייטען. אָט אַזוי האָבען זיי זיך באַפרײַנדעט און געמאַכט אַ שטיקעל פאַרבאַנד: די בעלי-הבתּים זײַנען אין אויסלאַנד און לעבען דאָרט אַ גוטען טאָג, טאָ פאַרוואָס זאָלען זיי אויך נישט האָבען אַביסעל הנאה פון זומער. קומט ער אַרײַן, איסאַק, און שלעפּט אַוועק דעם מײַסטער אין שײַנק, די אַרבעטער וואַרטען נאָר אויף דעם: מען כאַפּט זיך אַרויס פון פאַבריק און מען לויפט צום נאָנטען טײַך... מען וואַרפט אויף גיך אַראָפּ די שמוציגע קליידער, וואָס זײַנען פאַרפּעצט פון די פעל און מאַשינען-אייל, און איינער נאָכ'ן צווייטען שפּרינגען זיי אַרײַן אין וואַסער. עס איז גישט צו דערקענען די פאַרזאָרגטע אַרבעטער, ווי צעלאָזענע קינדער שפּרינגען זיי אַרום אין וואַסער, לאָזען זיך אַראָפּ צום גרונט און ווײַזען זיך ווידער, באַשפּריצען זיך איינער דעם צווייטען... און פון די קעפּ, פון די האָר רינען שטראָמעלעך וואַסער, ווי צעשמאָלצענער זילבער. די געשרייען טראָגען זיך אַלץ ווײַטער. דאָס וואַסער רוישט שטאַרקער. פּלוצלונג גיט ווער אַ געשריי:

— דער מײַסטער גייט!...

מען שפּרינגט אַרויס פון וואַסער. יעדערער כאַפּט זײַן פּעקעל קליידער און אַנטלויפט; ווער עס אויספּייעט, לויפט אַרײַן צוריק אין פאַבריק, ווער נישט — באַהאַלט זיך האַלב נאַקעט אין גראָז. דער מײַסטער גייט טאַקע אויפ'ן וועג, נאָר ער וויגט זיך אויף אַלע זײַטען, ווי אַ יונגער בוימעל אין אַווינט-טאָג.

---

איסאַק איז אַ הויכער, אַ שײנער ברונעט. אין שטעטעל האָט זײַן קומען אַרויסגערופען אַ גאַנצען טומעל: די מיידלעך האָבען זיך גענומען מער שפּיגלען און פּוצען, זיי האָבען אים

גאָכגעקוקט, וואו ער גייט, וואָס ער טוט. ער האָט אָבער זיי די ערשטע צייט קיינעם נישט באַמערקט. ער האָט זיך נאָך נישט געקאָנט אָריענטירען אין שטעטעל. שפּעטער האָט אים דער מייס-טער עפּעס אַרייגגעשושקעט וועגען דעם מילנערס טאָכטער, פיי-געלע. פייגעלע איז אַ שלאַנק מיידעל, אַ שוואַרצע מיט אַ לענג-ליכען שוואַנען-האַלז. זי טראָגט זילבערנע אוירינגלעך ווי די ציי-גיינערינס און גייט שטענדיג ריין אָנגעטאָן. צייטענווייז זעט מען איר זיצען ביי דער מיל מיט אַ ביכעל אין האַנט. די מיל רוישט, דאָס וואַסער שוימט און שפּריצט און פייגעלע לייענט עפּעס מעשיות פון גרויסע שטעט, פון פּאַלאַצען, פון ליבע...

עטליכע מאָל איז שוין איסאַק געווען ביי זיי. ער האָט גערעדט מיט איר טאַטען, און אין דערזעלבער צייט געקוקט אויף איר.

ער האָט זי ווען באַמערקט זיצען מיט אַ בוך. איז ער צו-געגאַנגען, געפרעגט וואָס זי לייענט, זיך אַוועקגעזעצט לעם איר. ער האָט עפּעס אָנגעהייבען ריידען, דערציילען. נאָר באַלד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַביסעל פאַרלוירען קוקענדיג אין אירע ריינע אויגען און הערענדיג איר נאַאיווע אָפענהאַרציגע ענטפערס. ער איז אַלץ געוואוינט געווען מיט די גרויס-שטעטישע פרויען. דאָרטען ווערט אַזוי גיך קאַנטשאַפט געשלאָסען. דאָרטען פאַרשטייט מען זיך אויף האַלבע ווערטער, און דאָ מוז ער זיך צופאַסען צו איר.

זיי זיינען אַביסעל אויפגעטראָגען געוואָרען און איסאַק פלעגט שוין קומען צום דייטש און אים דערציילען פון פייגע-לען. ער פלעגט זיך באַרימען, אַז ער קושט דאָס מיידעל און אין דער אמת'ן האָט ער מורא געהאַט פאַר איר. ביי אַ צוויי-דייטיגען וואָרט פלעגט זי ווערען ברוגז און נישט ענטפערן. זי פלעגט ליב האָבען צו הערען ווי ער דערציילט פון די גרויסע שטעט, פון טעאַטער און פון באַרימטע זינגערס, און ער פלעגט גאָר ווערען אַן אַנדערער, ווען ער פלעגט זיצען מיט איר אַ קורצע צייט. עס פלעגט אים פיל מאָל פאַרדריסען, וואָס ער באַרימט זיך פאַר'ן דייטש, וואָס ער באַליידיגט איר אונטער די אויגען. נאָר איינמאָל האָט ער נישט אויסגעהאַלטען.

אירע ליפען זיינען אַזוי נאָענט געווען, איר אָטעם האָט אים אָנ-
געצונדען. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און געוואָלט
אַ קוש געבען, און זי די נאַאיווע פּראָווינציעלע מיידעל האָט אים
דערלאַנגט אַ שטויס אָפּ פון זיך און אַראָפּגעלאָזען אַ פּאַטש. עס
האָט אַ קלונג געגעבען, אַז זי האָט זיך אַליין דערשראָקען, כאָטש
דער פּאַטש איז נישט געווען אינגאַנצען פון כעס, דאָס איז גי-
כער געווען אַ קאַפּריז. אַ האַלבער שטיף. איסאַק איז אַביסעל צע-
טומעלט געוואָרען, נאָר באַלד געקומען צו זיך און דערביי גע-
טראַכט: אַהאַ! עס ווערט אינטערעסאַנט. ער האָט געהאַט וועגען דעם
אַ באַזונדערן באַגריף:—אַ פּאַטש פון אַ פרוי, פלעגט ער זאָגען,—
איז אַ האַלבער קוש. פייגעלע איז דעמאָלט אַנטלאָפען אַהיים און
איסאַק איז געבליבען אַליין, האָט ער אַרומגעקוקט די געגענט
און צום ערשטען מאָל באַמערקט, ווי שיין און ווי וואויל דאָ
איז אין שטעטעל: דאָס וואַסער אַרום מיל האָט גערוישט, ווי
אַ ווילדער וואַסער-פאַל, אַביסעל ווייטער האָבען זיך קינדער
געבאָדען. זיי האָבען אויסגעזען ווי מלאכים, וועלכע שטיפען אין
גן-עדן...

---

יעדען פאַרנאַכט, ווען די זון נעמט פאַרבען די שויבען
פון פאַבריק, הייסט איסאַק אָנזאָטלען צוויי פערד: פאַר זיך און
פאַר׳ן מייסטער, און מען פאָרט שפּאַצירען. דער דייטש וואָלט
זיך פון דעם פאַרגעניגען אַנטזאַגט, עס איז אים אַביסעל צו
שווערליך צו זיצען אויפ׳ן פערד. ער וואָלט בעסער געגאַנגען אין
שיינק, נאָר עס פּאַסט אים נישט זיך צו אַנטזאַגען. כאַפּט ער זיך
אַרויף אויפ׳ן פערד און שרייט די גאַנצע צייט: „האָפּ! האָפּ!"
דאָס מאָל האָט איסאַק אויסגעקליבען דעם וועג אַרום מיל. עס
האָט זיך אים געוואָלט ווייזען פאַר פייגעלען, זאָל זי זען, ווי
פעסט ער זיצט אויפ׳ן פערד, און צווייטענס איז אים עפּעס אָנ-
גענעם געווען פאַרבייפאָרען דעם אָרט, וואו זי לעבט. ער איז
שוין געווען נאָענט פון מיל. נאָר פייגעלען האָט ער נישט געזען.
דער דייטש האָט באַמערקט, ווי ער קוקט זיך אַרום, האָט ער גע-

פרעגט ביי אים, וואָס עס הערט זיך? ווי האַלט ער מיט דעם מיידעל? דאָ האָט איסאַק נישט אויסגעהאַלטען און זיך ווידער בע־נומען באַרימען. ער האָט געשפּירט, ווי ער באַליידיגט דאָס מיי־דעל און זיך זעלבסט, נאָר אויפהערען צו ריידען האָט ער נישט געקאָנט. זיי זיינען שוין פאַרבייגעפאָרען די מיל. דאַן האָט אי־סאַק אומגעדרייט דעם קאָפּ און באַמערקט פון ווייטען, ווי פיי־געלע באַהאַלט זיך אונטערן פּלויט און קוקט אים נאָך. זי האָט נאָר דערזען, ווי איסאַק דרייט אום דעם קאָפּ, איז זי באַלד פאַר־שוואונדען געוואָרען. ער האָט זיך אַליין אויסגעשריען: פיי־געלע, וועסט שוין פון מיר נישט אַנטלויפען. און דאָס פערד האָט באַקומען אַ שטויס מיט'ן פוס אין זייט, אַז עס האָט פון אָרט אויפגעשפּרונגען. דערנאָך איז איסאַק אַוועק איבער'ן פעלד אַ ווילדען גאַלאָפּ. דער דייטש איז אָפּגעשטאַנען. ער האָט איבער־הויפּט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט געמיינט, אַז אוסאַק איז שכור, און עס האָט אים פאַרדראָסען, וואָס יענער האָט אים נישט מיטגערופען טרינקען. איסאַק איז דערווייל אַוועק וויט־ווייט איבער די פאַרזייטע פעלדער, עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, דאָס ער יאָגט נאָך דעם זודיגען גליק. ער האָט זיך שוין לאַנג נישט געשפּירט אַזוי יונג, אַזוי שטאַרק. און פייגעלע'ס שלאַנקע פיגור האָט זיך אַלץ אַזוי אַרויסגע'גנב'ט פון אונטער די ערשטע נאַכט-שאָטענס, זיך אַרויסגע'גנב'עט און ווידער זיך באַהאַלטען. איסאַק האָט געשעפּטשעט:

—וועסט נישט אַנטלויפען, וועסט נישט אַנטלויפען!

---

סוף זומער זיינען די בעל-הבתים געקומען פון די בעדער און אינדערהיים ביי איסאַק'ן האָט זיך אָנגעהייבען אַ גיהנום:

—וואָס האָסטו אומגליקליך געמאַכט אַ מיידעל! — האָט מען צו אים געשריען.

—מיר האָבען זיך ליב,—האָט איסאַק געלאַכט.

דערווייל זיינען פייגעלע'ס אַלע קרובים יעדען טאָג געקו־מען און סקאַנדאַלען געמאַכט.

—אומגליקליך געמאַכט אַ אידיש טאָכטער.

איסאַק׳ס פאָטער האָט פאַרגעלייגט געלט:

—זאָל זאָל זי אַוועקפאָרען קיין אַמעריקע.

און איסאַק האָט עס באַדאַרפט איבעררײדען מיט איר, זי זאָל אַוועקפאָרען קיין אַמעריקע, נאָר אָנשטאָט אַמעריקע, איז דער סקאַנדאַליסט איסאַק אַוועק צום רב און געשטעלט אַ חופה און דאָס שטעטעל האָט געקוואָלען.

נאָר דער דייטש האָט זיך געבייזערט אויף איסאַק׳ן:

—מיט אַ מיידעל באַדאַרף מען זיך אָפּשפּילען און אַ סוף און דאָ האָסטו גענומען און חתונה געהאַט, אויס איסאַק...

—איסאַק האָט זיך פאַרענטפערט:

—מען באַדאַרף דאָך ווערען אַמאָל אַ מענש צו מע:שען גלייך...

און אין דערהיים ביים טאַטען האָט מען זיך אונטערגעגעבען.

—דעם מילנער׳ס טאָכטער האָט פון אים אַן אַנדער מענש געמאַכט.

איסאַק האָט גענומען פלייסיג אַרבעטען.

נאָר אַמאָל פלעגט ער זיך פאַרטראַכטען און וואונדערן זיך.

—אַזאַ מיידעלע, אַזאַ פייגעלע און האָט מיך געכאַפּט.

אין קורצען האָט ער זיך שוין גאָר אויפגעהערט צו באַגעגענען מיט׳ן דייטש. דער שיינקער האָט שוין פון אים מער נישט געלייזט פאַר קיין בראָנפען.

—אַ נס איז געשען,—האָבען ווייבער צווישען זיך גערעדט.

און אַז פייגעלע פלעגט דורכגיין די גאַס, האָבען פיל מענשען איר געבענשט.

פאַרוואָס? גלאַט אַזוי, מענשען האָט הנאה געטאָן די גאַנצע געשיכטע...

# דער דריטער

דוד פּלאָנסקי איז נישט קיין באַרימער און נישט קיין ליג־נער. ער האָט אויך פֿיינט אַנעקדאָטען און ציניִשע וויצען. ווען ער דערציילט עפּעס שפּירט מען, אַז ער האָט דאָס איבערגע־לעבט. עס דוכט זיך דאַמאָלט אויס, אַז ער וויל זיך פֿאַרטיידי־גען מיט זיין ערציילונג: צופּיל באַרעדט מען אים, צופּיל שונאים האָט ער צוליב זיין ערפֿאָלג ביי פֿרויען.

דאָסמאָל האָט מען טאַקי גערעדט פֿון פֿרויען, פֿון טריי־הייט. מען האָט זיך געשפּאַרט, ווער עס ליבט שטאַרקער, ווער עס איז ערליכער אין דער ליבע. פּלאָנסקי האָט געוואָלט אָפּקומען מיט אַ שפּאַס און ער האָט זיך אָנגערופֿען:

—איך רעכען, אַז ריידען וועגען ליבע דאַרפֿען אַלטע לייט, וועלכע זוכען אַ טרייסט אין זכרונות...

—און וואָס זאָלען טאָן די יונגע?

—די יונגע דאַרפֿען ליבען,—האָט ער האַלב אין כעס גע־ענטפֿערט. נאָר באַלד האָט ער געביטען דעם טאָן:

—איר רעדט דאָ פֿון טרייהייט; איך וועל אייך עפּעס דערציילען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון שטול, אָנגעשפּאַרט זיך אויף די אַקסלען אָן טיש און אָנגעהייבען:

איינמאָל האָב איך זיך באַקאַנט אויף אַ זומער-וואוינונג מיט אַ יונג ווייבעל, אַ ברונעטקע מיט אַ געזונטער פריילי׳כער נשמה; זי פלעגט קיינעם נישט אויפרעגען מיט איר צופיל לאַכען. איך האָב געשפּירט, אַז דאָס איז ביי איר נאַטירליך. פאַר אַ קורצע צייט, וואָס זי איז געוועזן אין פּענסיאָנאַט, האָבען איר אַלע ליב געקריגען. צום צווייטען מאָל האָב איך איר באַגעגענט ביים טייך. זי איז אַליין געשטאַנען ביים ברעג און שווייגענדיג אַרומגעקוקט די געגענט, וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרשלייערט אין די טונקעלע נאַכט-שאָטענס. זי איז אַזוי געשטאַנען אין איין פּאָזע. איבערן קאָפּ האָבען טויזענטער פויגעלעך געזשומעט און הויך-הויך האָבען שוין עטלי׳כע שטערען געבערענט. איך בין צוגעגאַנגען צו איר און געפרעגט, וואָס זי טוט דאָ אַליין און וואָס איז זי אַזוי פאַרזאָרגט, צי בענקט זי נישט נאָכ׳ן מאַן? זי האָט ביי אַ קוק געטאָן אויף מיר און באַלד זיך פונאַנדערגעלאַכט:

—נאָכ׳ן מאַן? ניין! עס איז פאַראַן נאָך וועמען צו בענקען אָן אים...

—אפשר נאָכ׳ן שטאָטישען טומעל? נאָך אַ גוטען פריינד?

—וואָס זייט איר אַזוי נייגעריג? עס פּאַסט נישט פאַר אַ מאַנסביל!...

—נו, אויב עס פּאַסט נישט, וועל איך שוין מער נישט פרעגען. און מיר האָבען אָנגעהייבען צו ריידען פון אַנדערע זאַכען. עס איז אַלץ פינסטערער געוואָרען, מיר האָבען זיך נישט געאיילט אַ היים. מיר האָבען גערעדט און דערציילט די מער אינטערעסאַנטערע מאָמענטען פון אונזער לעבען. מיר איז דאָ גוט געוועזן אויף דער נשמה: נישט מיט יעדער פרוי ווילט זיך אַזוי לאַנג אָפּזיצען אויף איין אָרט און ריידען אָפענהערציג. פון דאָס, וואָס זי האָט מיר דערציילט, בין איך דערגאַנגען, אַז דעם מאַן האָט זי נישט ליב, אַז חתונה געהאַט האָט זי נישט מיט איר אייגענעם ווילען, נאָר די עלטערן האָבען איר געצוואונגען דערצו. נאָך בין איך דערגאַנגען, אַז עס איז פאַראַן אַ מענש,

וועלכען זי האָט ליב געהאַט פאַר דער חתונה און האָט אים נאָך איצט אויך ליב. דאָס איז אַ סטודענט, ער באַדאַרף אין אַ צוויי יאָר אַרום ענדיגען. זי האָט מיר געגעבען אָנצוהערען, אַז זי וואַרט ער זאָל ווערען זעלבסטשטענדיג. אין יענעם אָוועגט איז צווישען אונז שווייגענדיג געשלאָסען געוואָרען אַ פאַרבאַנד. ווען איך בין געקומען מיט איר אין פענסיאָנאַט איז שוין געווען נאָך אָוועגט-ברויט. מען האָט אונז נייגעריג באַטראַכט און צו מיר האָט שוין ווער אַ וואונק געטאָן: „אַהאַ, ברודער, האָסט שוין גע-פאַנגען"...

זי פלעגט קריגען בריף פון מאַן און פון געליבטען. מיר פלעגען יעדען טאָג גיין צוזאַמען אויף דער פאָסט. זי פלעגט מיר די ערשטע צייט איבערלייענען אַמאָל אַפּאָר שורות פון סטו-דענט'ס בריף. שפּעטער פלעגט זי מיר שוין איבערלייענען דעם גאַנצען בריף. אָט אַזוי בין איך געוואָרען איר פאַרטרויטער. טאָג און נאַכט פלעגט מען אונז זען צוזאַמען. מען האָט אונז שוין אָנגעהייבען באַריידען. עס פלעגט אַמאָל דערפליען צו מיר אַ שטאָך-וואָרט, אַ גראָבער שפּאַס. איך האָב עס איר דערציילט...

—אייך גייט עס אָן,—האָט זי מיר אויף דעם געפרעגט.

—מיר נישט, נאָר אייך...

—מיר אינטערעסירט עס נישט אויף קיין האָר,—האָט זי מיר געענטפערט.

און מער האָבען מיר וועגען דעם נישט גערעדט.

איך ווייס נישט אויף זיכער, וואָס איך בין אויסען געווען מיט דעם, וואָס איך האָב נישט אויפגעהערט אַרומצוגיין מיט איר. נו, זי געפעלט מיר צוואַנציג מאָל, אָבער עס איז דאָך אומ-זיסט: מיט איינעם איז זי פאַרבונדען, דעם צווייטען האָט זי ליב און וואָס זאָל איך דאָ טאָן? מעגליך, אַז עס האָט מיך אַביסעל גערירט איר לאַגע; זי האָט טאַקי שטאַרק געליטען פון דעם, וואָס זי מוז לעבען מיט אַ מענשען, וועלכער איז איר ווילד פרעמד. נאָר אין דער אמת'ן האָב איך דאָך שוין געליטען צוליב איר. צום טייוועל דעם מאַן מיט'ן געליבטען! איך האָב אָן אַלץ פאַרגעסען. זי האָט מיך געצייצט, זי איז אַליין געווען דער זומער...

איך געדענק איינמאָל אויפ׳ן פעלד, פאַרנאַכט, מיר קוקען צו מערב-זייט: ווען זיך נאָך לאַנג האַלטען דער פייערדיגער פנים אויפ׳ן הימעל? זי קוקט אויף מיר אַ רגע. איך שפיר, אַז אין דעם מאָמענט איז זי מיר די נאָנטסטע אין לעבען. און אינסטינק-טיוו ציען זיך אויס די אָרעמס צו איר, איך וויל איר אַ קוש געבען, נאָר זי גיט אַ שפרונג-אויף, ווי אַ שלאַנג וואָלט זי איינגעביסען.

—הערט אויף—שרייט זי צו מיר.—נישט דערוועגט זיך. און די אויגען ברענען פון כעס.

—באַרואיגט זיך, איך וועל זיך באַהערשען.

דאַמאָלס רעדט זי שוין מיט אַ ווייכערן קול, נאָר אויך מיט גענוג אויפרעגונג.

—סטאַרעט זיך, הער פלאנסקי, אַז מיין געוויסען זאָל בלייבען ריין!

איך האָב נישט געוואוסט אַנטקעגען ווענען זי וויל איר געוויסען זאָל ריין בלייבען: אַנטקעגען איר מאַן, צי אַנטקעגען איר געליבטען. אַזוי צי אַזוי—אַ מענש אַפּעלירט צו מיר, אַ מענש איז אין מורא פאַר זיין געוויסען. אירע ווערטער האָבען אויף מיר געווירקט ווי אַ קאַלטער עמער וואַסער. איך האָב זיך פון דאַ-מאָלס אָן אויפגעהערט צו ערלויבען אַזעלכע זאַכען. ביי מיר אין די אויגען איז זי אויסגעוואַקסען. אָט האָב איך באַגעגענט אַ פרוי, אַ שטאָלצע, אַ פרוי, וואָס הערשט איבער זיך. איך האָב נישט איבערגעריסען די טאָג-טעגליכע באַגעגענישען. עס איז שוין גע-ווען אין מיטען זומער. די רויטע מאַלינעס האָבען געוואונקען אויף די שטענגעלעך פון גרויסען גאָרטען, וואו מיין באַקאַנטע האָט געלעבט. איך געדענק, מיר זיינען איינמאָל אַריין גאַנץ טיף אין די מאַלינעס - בוימלעך, וועלכע זיינען געווען העכער פאַר אונז. אַרום איז קיינער נישט געווען און מיין ברונעטקע איז אָנ-געטאָן אין אַ לייכטען ראָזען מאָרגען-ראָק. צווישען גרינע בוימ-לעך האָט איר קלייד פון ווייטען געפלאַקערט. איך געדענק, איך האָב געקוקט אויף איר, איך האָב געהערט, ווי זי אָטעמט, ווי זי לאַכט און רייסט די צייטיגע מאַלינעס און שלינגט זיי באַלד

אַראָפּ... און אין די אויגען האָט מיר אָנגעהייבען שווינדלען. יאָ. מ'זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע „הייליגע" נשמות, וועלכע בלייבען גלייכגילטיג צום לעבען, עס מעג ווי רייצען... איך געהער נישט צו אַזעלכע. איך האָב געשפּירט ווי איך פאַר-ליר מיין גלייכגעוויכט. נאָך אַ רגע און עס וועט עפּעס פאָרקו-מען שרעקליכעס. און עפּעס אַ פרעמדע קראַפט האָט מיך אַ שטויס געטאָן צוריק. איך בין אַנטלאָפען פון גאָרטען...

און לויפענדיג האָט זיך מיט מיר עמיצער ווי גערייצט, אין די אויערן האָט כסדר געקלונגען:

—„האָסט גוט געטאָן!"

—„האָסט שלעכט געטאָן."

—„ביזט אַ פיינער מענש."

—„ביזט אַ יאָלד, אַ נאַר."

—„איינמאָל לעבט מען".

און פאַרגעסט, אַז עס איז געוועזען דאַמאָלס זומער און איך בין אַ סך, אַ סך יונגער געוועזען.

איך וועל נישט לייקענען, אין מיין דאַמאָלסטיגער עקשנות איז געוועזען אַ געוויסע פּראַכט, איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין ערליכער מענש.

איך האָב זיך אַליין געוואָלט אויספּרובירען.

דאָס איז דאָך אַ שטילע העלדישקייט, אַ פאַרבאָרגענע מערטירעריי. איך האָב דורכגעלעבט שווערע טעג און דאָך פלעג איך מיט איר ווידער פאַרברענגען לאַנגע שעה'ען און ריידען פון איר געליבטען, פון אירע פּלענער אויף דער צוקונפט. און איך האָב זיך געסטאַרעט, איר געוויסען זאָל בלייבען ריין... און הערט זיך איין! איינמאָל אין אַ נאַכט, ווען די שטערען האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען נענטער צו דער ערד, ווען אין דער וואַרימער לופט האָבען זיך צוגאָסען בלומען-דופטען, וועלכע האָבען פאַר-שכורט אונזערע הערצער, מיר האָבען דאַמאָלס מער געשוויגען ווי גערעדט... פּלוצלונג האָב איך דערשפּירט ווי מ'קושט מיך ווילד, ווי צוויי הענט אָרעמען מיך אַרום. איך וואָלט פאַר דער

זון מיין פנים נישט געקענט ווייזען, ווען איך וואָלט זי דאַמאָלס אָפּגעשטויסען.

איך געדענק, אַז אין אַ קורצע צייט איז זי אַוועקגעפאָרען. עס איז דאַמאָלס געווען אַ רעגען-וועטער. איך האָב איר באַגלייט ביז׳ן באַן, אויפ׳ן וועג האָבען מיר גערעדט וועגען יענער נאַכט.

—ווי אַזוי איז דאָס געשען? און זי האָט די גאַנצע שולד אַרויפגעוואָרפען אויף זיך אַליין. זי האָט פיל געליטען: זי האָט צוויי מענשען גענאַרט...

ווען איך האָב זיך מיט איר געזעגענט, האָב איך צו איר געזאָגט:

—באַרואיגט זיך און פאַרגעסט, אַז איר האָט וועמען גע-נאַרט; געדענקט אָבער דעם שיינעם חלום. נישט איך, נישט איר זייט שולדיג; שולדיג איז די נאַטור, און די נאַטור קען קיינער נישט פאַר׳משפט׳ן...

# ביינאכט.

I

איך וואַרט אויף דיר אין דיין צימער, אין דיין קליינעם ווינקעל. עס קומט אָן די נאַכט. עס איז איצט יענע שעה, ווען דאָס געוויינליכע ווערט אומגעוויינליך. אויפ׳ן גאַס ראַנגעלט זיך נאָך דער טאָג מיט די ערשטע גאַסען-לאָמפּען, נאָר ביי דיר אין צימער איז שוין אינגאַנצען פינסטער. איך שפיר אַ ריח פון יונגע היאַצינטען, נאָר די בלומען זע איך נישט. ערגעץ אין אַ ווינקעל קלאַפּט אַ זייגערל, נאָר איך ווייס נישט וועלכע שעה עס איז.

ביי דיר אין צימער זיינען אָנגעשטעלט אַזוי פיל קליינע טישעלעך מיט שפּילצייג און סטאַטועטקעס. איך האָב מורא אַ טריט צו שטעלען, טאָמער פאַלט וואָס אום. איך רוק זיך פאָרזיכטיג צו דער קאַנאַפּע און איך גיב זיך אָפּ אינגאַנצען דער שטימונג, וואָס הערשט ביי דיר אין צימער.

אויפ׳ן גאַס ווערט פינסטערער. אין די שכנישע פענסטער ברענען שוין לאָמפּען און די פייערלעך ציען זיך צו דיר אין צימער. אפשר זיינען זיי אויך פאַרליבט אין דיר? דורך די זי־

פיגע גאַרדינען ציען זיך שטראַלען אין פּאַסקעלען ליכט ווי שלענגעלעך, ווי בינען פאַלען זיי אַראָפּ אויף דר'ערד, אויף די ווענט און אויף די קליינע טישעלעך מיט די סטאַטועטקעס.

וואָס איז די נאַכט? פאַרוואָס צויבערט זי אַזוי? און פאַר־וואָס וויל דער מענש אַזוי באַזיגען די נאַכט מיט זיינע עלעק־טרישע פייערן, מיט זיינע קאָלירטע לעמפּעלעך? וואָס ווילען די שאָטענס? פון וואַנען קומען זיי און וואוהין גייען זיי אַוועק? פאַרוואָס איז יעדער שאָרך אַזוי פיל מיט סודות און וואונדער־ליכער ערוואַרטונג? אַלע טרוימען און חלומות האָט דער מענש ביינאַכט אויסגעטראַכט.

שטיל און גוט אויף דער נשמה און די בענקשאַפט נעמט אַרום אַזוי צאַרט, פונקט, ווי דיינע הענט... איך וואָלט וועלען, אַז דו זאָלסט איצט אַריינקומען אָן גערויש, אָן לאַכען, נאָר שוויי־גען זאָלסטו! איצט, ווען די שווערע וועגענער האָבען אויפגע־הערט צו קלאַפּען אויפ'ן גאַס, ווען די הענדלערס פאַרשליסען די קאַסעס, ווען די נאַכט האָט צוגעדעקט די גרויע ערד.

אונטער די פיס ליגט מיר אַ ווייכער דיוואַן, אויף וועלכען עס זיינען אויסגעמאָלט אַ לייב מיט צוויי קליינע לייבעלעך, אַ לאַנגער ווייסער שטרויס און נאָך עפּעס אַ מאָדנע חיה מיט גרוי־סע ציינער. די שטראַלען פון פרעמדען פענסטער קריכען אַרום איבער'ן דיוואַן און עס דוכט זיך מיר אויס, אַז די חיות מיט'ן שטרויס באַוועגען זיך. זיי דערנענטערן זיך צו מיר. נאָר עס שרעקט מיך נישט, עס איז שטיל, אַזוי וואונדערבאַר רואיג אין דיין צימער! אָפּטמאָל דערפיליט פון ערגיץ אַ הויך וואָרט, אָדער עטליכע האַרמאָנישע גאַמען פון אַ קלאַוויר און אונטען טיף־טיף ווי אין אַן אָפּגרונד רוישט די שטאָט, ווי עס רוישט דער ים אין אַ לייכטען שטורם.

## II.

דו ביזט אַריינגעלאָפען ווי אַ שד'ל... ניין, ניין! ווי אַ מלאך! ווער נישט ברוגז, ווען מען באַליידיגט דיך אין אַ שפּאַס, דו

האָסט מיך אויפגעוועקט מיט דיין לאַכען, דו האָסט פאַריאָגט די פרעמדע שטראַלען מיט דעם גלאַנץ פון דיינע אויגען. און פייער האָסטו אָנגעצונדען—איצטער זע איך פיל בלומען דו האָסט, איצטער זע איך, ווי שפעט עס איז שוין...

און דו רופסט, דו רופסט אונטען, עס ווילט זיך דיר שפאַצירען, צענויפמישען מיט די טויזענטער פרעמדע אומבאַקאַנטע מענשען. איך גיי מיט דיר! אַראָפּלאָזען זיך אין טאָל איז פיל גרינגער, ווי אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג און דיינע אויגען ציען אַזוי, איך גיי מיט דיר...

וואַרט! איר ווער אַליין פאַר׳שכור׳ט פון דעם גלאַנץ. צי דען איז דאָס די זעלבע שטאָט, וואָס בייטאָג? איך דערקען נישט די גאַסען, די מענשען... אַזוי פיל פייערן, אַזוי פיל קאָנטראַסטען אין די פאַרבען. יאָ, מיין פריינד, היינטיגע פּאָעטען דאַרפען אויפהערען צו באַזינגען דעם הימעל מיט די שטערען, ווייל די ערד ביינאַכט איז אַזוי פאַרפּוצט, די שטאָט האָט אַזוי פיל געהיימנישען...

אַמאָל זיינען אור-אַלטע וועלדער געווען, וואו דרייסטע מערדער פלעגען זיך באַהאַלטען, וואו ריטערס פלעגען אויף יאַגד פאָרען. היינט איז די שטאָט אַ געדיכטער געהיימער וואַלד. און מיר אַלע פלאָנטערן זיך אין דעמדאָזיגען שטאָט-וואַלד. קיינער ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך אין די פאַרבאָרגענע קעלערס, אין די הויכע פענסטער פון די פיל-שטאָקיגע הייזער, אין די פינסטערע געסלעך. קיינער ווייס נישט וועלכע פאַרברעכענס עס פלאַנעווען די אָפּגעשטויסענע...

און דאָ איז אַלץ מיט ליכט באַגאָסען. מענשען שמייכלען. קינדער אָרימע אין צעריסענע קליידער ציען זיך צו די שויפענסטער פון די שפּילצייג און ביינאַכט אין חלום וועלען זיי זיך שוין שפּילען מיט די וועגעלעך, מיט די פּילקעס. דאָס זעלבע די גרויסע: אָט גייט אָפּאָר-פּאָלק. יונגע אַרבעטער, זיינע קליידער זיינען אויסגעשמירט אין מאַשינען-אייל, זי איז ריין אָנגעטאָן מיט אַ טיכעל אויפ׳ן קאָפּ. זיי שטעלען זיך אָפּ ביי אַ פענסטער פון פרויען-קליידער. זי ווייזט אים אָן מיט די פינגער

אויף אַ שיינעם מאַנטעל און דער אַרבעטער פינטעלט מיט די מידע אויגען. ער זאָגט איר צו דאָס צו קויפען, זי נעמט שמייכלען, ווי אַ קינד און אין חלום ווערט זי שוין שפּאַצירען אין מאַנטעל...

און אין טעאַטער, אין צירק, אין שיינק, — אומעטום יום-טוב'דיגע מענשען, דאָס פייערט מען דעם זיג איבער דעם גראָען שווערען טאָג...

פּלוצלונג פאַרגלוסט זיך דיר לויפען, פליען און מיר פאָרען אין אַ האַסטיגען אויטאָמאָביל, איבער טונקעלע גאַסען, איבער אַ באַלויכטענעם שאָסיי און די בוימער, די שטומע פון וואַלד קוקען אויף אונז, ווי אַ נאַכטיגע סטאַדע שעפּסען.

## III.

דו ביסט שוין מיד. דיין קאָפּ פאַלט צו צו מיין אַקסעל, קום צוריק אין דיין קליינעם ווינקעל. אונזער גליק איז נישט אין טומעל. קום צוריק אין דיין שטילען נעסט, וואו דער ריח פון די היאַצינטען פאַרוויגט אין אַזאַ לייכטען דרימעל. איך וועל דיך קושען אין דרימעל. איך וועל דיר ווידער דערציילען דיין געליבטע לעגענדע פון דעם אָפּגענאַרטען איקאַריוס. געדענקסט? פליגלען האָט ער זיך פון וואַקס געמאַכט און געפלויגען צום הימעל. ער איז שוין געווען הויך, הויך איבער די וואָלקענס, איז פּלוצלונג די זון אַרויס ווי אַ שטרענגער וועכטער, ווען ער דערזעט אַ פרעמדען אַריינגיין אין גאָרטען. זי האָט בייז אַ קוק געטאָן אויף דעם, וואָס פליט צום הימעל און פון איר פייערדיגען בליק זיינען זיינע וואַקסענע פליגעל צעשמאָלצען געוואָרען. ער איז אַראָפּגעפאַלען אויף אַ פעלז, פון פעלז אין ים אַריין, די הענט און די פיס האָט ער זיך צעבראָכען. און די ים-מיידלעך האָבען זיך מיט זיין טויטען קערפּער געשפּילט, ווי מיט אַ פּילקע. זיי האָבען אים געוואָרפען אין דער לופטען און ער פאַלט באַלד צוריק אַריין אין ים. זיי האָבען געשפּאַסט פון באַזיגטען. דו וואָלסט אַזוי נישט געטאָן, דו וואָלסט זיינע וואונדען איבערגע-

בונדען, דו האָסט ליב דעם באַזיגטען...

יאָ... דו שאָקעלסט מיט׳ן קאָפּ, דו האָסט אין זיך די רו־איגקייט און די גוטסקייט פון דער נאַכט. ליולינקע, קינד!

אונטען רוישט נאָך אַלץ די שטאָט. די שטילקייט פון דיין צימער פאַרוויגט מיך און טראָגט מיך אַרויף אויף לייכטע פלי־געל ערגיץ הויך... איך פיל זיך זיכער, ווי אין דער שטאַרקס־טער פעסטונג, ווען דו ביסט מיט מיר.

און דו קוקסט נאָך אַלץ אַראָפּ פון פענסטער אויף די שפּאַצירענדע. עס ציט דיך נאָך אַלץ צום פרעמדען טומעל, צו די אומבאַקאַנטע מענשען. דו וואָלסט וועלען אויסטרינקען דעם גאַנצען בעכער פון דעם נאַכט־חלום. דו ביסט מיד. קום אַהער נענטער! די האָר דיינע זיינען צעפּאַלען. אַזעלכע שרעקעדיגע שוואַרצע האָר האָט געמוזט האָבען יהודית, און דו ביסט דאָך גאָר די פאַרטרוימטע שולמית. קום אַהער נענטער! די נאַכט וועט אונז ביידען פאַרוויגען...

דו הערסט די לעצטע טריט. עמיצער שפּרייזט אויפ׳ן ליי־דיגען טראָטואַר. פּונקט ווי ער וואָלט שפּרייזען אויף די פּלי־טעס פון אַ בית־עולם. אַ מענש שפּרייזט איינער אַליין שפּעט ביי נאַכט. מיר ווייסען נישט, ווער דער מענש איז און דער מענש ווייס פון אונז גאָרנישט.

האָב מיך ליב,—מיר זיינען זעהר איינזאַם.

אַ נאַכט־פויגעל שרייט איבער אַלע דעכער און קלויסטער־שפּיצען, שרייט ביינאַכט אַ פויגעל מיט אַ קול, וואָס איז פאַר דעם מדבר געבוירען געוואָרען. מיר ווייסען גאָרנישט... קום נענ־טער, נענטער—מיר זיינען זעהר איינזאַם...

# גנבים...

די נאַסע טראָטואַרען גלאַנצען. פון די דעכער טראָפּענס פון צייט צו צייט און ארום איז נאַכט. איינצעלנע סילועטען באַווייזען זיך און ווערען פאַרשוואונדען אין די הינטערשטע גאַסען. כמורנע-טריב ברענען די עלעקטרישע לאָמפּען און גיסען קרענקליכען שיין אַרום זיך. די גרויסע שטאָט איז איינגעשלאָפען. אין די רייכע רעסטאָראַנען לעבט זיך. דאָרטען האָט זיך דאָס שלאָפלאָזיגקייט פאַרקליבען, און די קלאַנגען פון מוזיק וועקען און וועקען אַלץ העכער. נאָר דאָ אויף די גאַסען האָט די נאַכט אירע אייביגע פליגעל פאַרשפּרייט און אַלץ באַזיגט. אפילו די נאַכט-וועכטער, די וואָס האָבען זיך צום וואַנט צוגעשפּאַרט און לויערן, און די, וואָס שפּרייזען דרעמלענדיג אַרום הין און צוריק אויפ׳ן טראָטואַר—זיי זיינען אויך פון דער נאַכט באַזיגט: אין זייער שווייגען שפּירט זיך די נאַכט און זייער מידקייט...

אַ פאַרשפּעטיגטע זונה לויפט דורך די גאַס: זי האָט זיך פאַר קיינעם קיין מורא נישט ביינאַכט. זי האָט שוין נישט וואָס צום פאַרלירען. זי קוקט זיך אַרום: קיינער נישטאָ שוין אין גאַס—ווערט זי פאַרשוואונדען.

פּלוצלונג דערהערט זיך אַ קלאַנג פון אַ צעבראָכענער שויב, עס דערהערט זיך אַ געשריי:

—ראַטעוועט, ראַטעוועט! גנבים...

אַ שטיק טאָג האָט זיך אַריינגעריסען אין דער נאַכט, אַ טומעל איז געוואָרען: די נאַכט-וועכטער לויפען און פייפען, עמיץ אַנטלויפט פון זיי, מען כאַפּט אים, ער ראַנגעלט זיך, שרייט, אַז ער איז אומשולדיג און בעט מען זאָל אים אָפּלאָזען. ער דערציילט פאַר די סטראַזשניקעס, דאָס ער גייט פון אַ באַ-קאַנטע...—אַזוי שפּעט פון אַ באַקאַנטע? לאַכט בייז איין סטראַזש-ניק—קום דאָרטען וועט זיך אַלץ ערקלערען. וועסט דערציילען דעם דעזשורנעם!...

און די גרופּע פּאָליציסטען מיט די צוויי פאַרדעכטיגע אין דער גנבה לאָזען זיך אַוועק צום נאָנטען צירקעל. די עטליכע נייגעריגע גייען זיך פונאַנדער אין פאַרשיידענע וועגען און די נאַכט שווייגט ווידער, די פאַרנעפּעלטע לאָמפּען ציטערן...

פון די צוויי פאַרהאַלטענע איז דער ערשטער טאַקע גע-ווען דער גנב: מען האָט ביי אים געפונען אין טאַש עטליכע זילבערנע חפצים.—דער צווייטער איז אומשולדיג אַריינגעפאַלען, נאָר די נאַכט איבערנעכטיגען אין צירקעל מוז ער שוין.

אין ווינקעל פון דער ענגער קאַמער גוסס'ט די גאַנצע צייט אַ לעמפּעל. מענשען ליגען איינער אויפ'ן צווייטען און שלאָ-פען, כראַפּען און שילטען וועמען אין שלאָף.

ליגענדיג אויף דער נאַרע האָט ער זיך איצט געבייזערט אויף דער גאַנצער וועלט: אויף אַזאַ געשיכטע האָט ער זיך גאָר-נישט געריכט; מען זאָל אים צעטויפּמישען און שלעפּען מיט אַ גנב אינאיינעם איבער די גאַסען. אַ גליק... נאָך אַ גליק, וואָס דאָס איז געשען אין מיטען דער נאַכט. ער ליגט אויף די נאַרעס און טראַכט פון דער ערשטער האַלבע נאַכט, וועלכע איז פיל בעסער און באַקוועמער, ווי די צווייטע העלפט אַוועק. זיין פּאָליע שוועבט אים פאַר די אויגען... איז דאָס אַ ווייבעל! האָט זי אים ליב! זי האָט זיך קוים דערוואוסט, אַז איר מאַן זאָל אַוועקפאָרען און באַלד אָנגעקלונגען דורכ'ן טעלעפאָן צו אים, צו מאַקס'ן. „ביסט

היינט פריי?״—האָט זי אים געפרעגט. „פאַר דיר שטענדיג פריי״ האָט ער איר געענטפערט. נו, טאַ, קום היינט, דער „אַלטער״ איז אַוועקגעפאָרען. אויף לאַנג, אויף אייביג, אויף גאַנצע וואָכען! און דערנאָך, ווען ער איז געקומען האָט זי צוגעגרייט בלומען און אַ געשמאַקען אָוועגט-ברויט. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ ווייסע לאַנגע קלייד. אַלץ איז געווען עפּעס אויסגעהאַלטען אין איין סטיל: די בלומען, איר קלייד, דאָס אויסזען פון צימער, אין וועל-כען זיי האָבען פאַרבראַכט. זי קאָן די קונצען, זי איז אַ קינסט-לערין פון ליבע, די פאַליע! זי קליידט זיך שטענדיג, לויט איר שטימונג. איינמאָל, געדענקט ער, אויף זומער-וואוינונג אין אַ נאַכט, ווען יעדעס האַרץ האָט געצאַפּעלט פון פרייד און ליידענ-שאַפט, איז זי צו אים געקומען געקליידט, ווי יהודית, אָ-האָ! אויך יענע נאַכט וועט ער נישט פאַרגעסען...

ווי יהודית, מיט צעלאָזענע האָר, מיט אַן ערנסטען בליק און וויפיל פייער איז געווען אונטער דעם ערנסטען בליק. זי איז נישט געקומען בעטען, קניען. זי איז געקומען נעמען פייער, וויפיל דאָס האַרץ און דאָס לייב גלוסט.

ער האָט שוין מיט איר געהאַט אַ סך אַזעלכע משוגענע נעכט און יעדע נאַכט איז עפּעס נישט ענליך צו דער ערשטער, צו דער פריערדיגער נאַכט.

זי איז אַ מייסטערין פון ליבע, זיין פאַליע...

אים איז האַרט געווען צו ליגען אויף די נאַרעס, נור ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס מאָרגען וועט ער האָבען וואָס צו דערציילען פאַליען, און אויף דער צווייטער זייט פון דער נאַרע איז געלעגען דער אמת׳ער גנב, און גאַנץ אָפט עמי-צען צוגעשאָלטען אויפ׳ן קול. דערנאָך האָט זיך עפּעס געפונען נאָך אַן אַרעסטאַנט, מיט וועלכען דער גנב האָט אַ לאַנגע צייט פילאָזאָפירט, און די אונטערשטע שורה פון זייער פילאָזאָפיע איז געווען, אַז אַלע, אַלע אָן אויסנאַם גנב׳ענען; יעדערער ווי ער קען און ווי ער איז געוואוינט געוואָרען פון די אַרומיגע זייטע...

מאַקס האָט ביי די ווערטער אַ שמייכעל געטאָן צו זיך אַליין אין דער פינסטער: צו וואָס גנבים קאָנען זיך דעררייידען,

—אַלע גנב׳ענען! ער, מאַקס, האָט נאָך קיינמאָל ביי קיינעם גאָר־נישט גע׳גנב׳עט. נאָר ביי די געדאַנקען האָט אים עפּעס אַ צופּ געטאָן אין האַרצען, אָבער אַזוי טיף אַ צופּ געטאָן... עפּעס אומ־באַקאַנטעס, נישט זיינס קיין וויטאָג איז דאָס געווען: סטייטש, ער גנב׳עט נישט? און פּאָליע? ער קאָן זיך מיט איר מאַן, ער דריקט אים די האַנט, און ווי נאָר ער איז אַוועקגעפּאָרען, האָט ער זיך אַריינגע׳גנב׳עט צו יענעם אין שטוב, און נאָך מער: דער גנב, וואָס האָט גע׳גנב׳עט די זילבערנע חפצים, האָט אין דעם מאָמענט ריזיקירט מיט זיין פרייהייט. ער האָט דערביי פיל איינ־געשטעלט. מען האָט אים אויך געקאָנט פיל שלאָגען, שיסען אויף אים און הרג׳נען, און ער, מאַקס, מיט וואָס האָט ער ריזיקירט? עס איז מיאוס, מיאוס אַזוי צו גנב׳ענען, מיאוס און קליינליך. און פּאָליע, די לעבעדיגע פריילי̇כע, וואָס האָט אים היינט אַזוי הייס געהאַלזט און געקושט, פּאָליע האָט אים איצט אויסגעזען אַ צעלאָזען פאַרדאָרבען ווייבעל: זי איז נאָך מער שולדיג פאַר אים...

און אַלע הסרונות האָט ער איצט געזען אין פּאָליען און אין זיך אַליין: קומען צו יענעם אין שטוב, עסען ביי יענעמס טיש און אים אַזוי נאַרען, דערנאָך זיך באַגעגענען מיט אים, קו־קען אים גלייך אין די אויגען, דריקען די האַנט. דאָס איז דאָס נידעריגסטע, וואָס אַ מענש קאָן טאָן.

צי ווייל די נאַכט אין צירקעל האָט אויף אים אַזוי גע־ווירקט? צי דאָס געוויסען האָט זיך טאַקע אויף אַן אמת אויפ־געוועקט אין אים, נאָר מאַקס האָט זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער צווייטער און פיל, פיל דורכגעטראַכט און דורכגעלעבט אין די עטליכע שעה.

עס זיינען געווען ביי אים מאָמענטען אין דעם דאָזיגען באַקלערען, בעת אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסען. ער האָט אָפּגעטאָן אַ זאַך, פון וועלכער ער וועט זיך שוין זיין גאַנץ לע־בען נישט ריין־וואַשען, ער האָט שטאַרק חרטה געהאַט. און פּלוצ־לונג האָט ער באַשלאָסען, אַז ער טאָר אין דער שטאָט מער נישט לעבען.

ער וועט אַלץ אַוועקוואַרפען און זיך לאָזען אין דער וועלט אַריין, ביז דער שמוץ וועט פון אים אַראָפּ.

אַ גנב? טויזענט מאָל ערגער פאַר אַ גנב איז ער. אַ ליגנער, אַ מענש מיט אַ מאַסקע, אַ נידעריגע בריאה.

דערנאָך האָט ער זיך אַביסעל באַרואיגט, נאָר צו איין זאַך איז ער געקומען:

ער האָט באַשלאָסען פון מאָרגען אָן איבערצורייסען מיט פּאָליען זיינע באַציאונגען. גענוג, מען דאַרף זיין אַ מענש, מען דאַרף זיין שטאַרקער פאַר די אַלע קליינע און גרויסע זינד.

דער פרימאָרגען האָט זיך לאַנגזאַם אָנגערוקט. די אַרעס-טאַנטען אין קאַמער זיינען שוין אַרומגעגאַנגען און גערעדט צווי-שען זיך; יעדערער האָט דאָ געהאַט זיין צרה. דאָ זיינען געווען פיל גנבים, אויסגעניכטערטע באָסיאַקעס, אַן אונטערצינדער און עטליכע, וועלכע מען האָט גלאַט פאַרהאַלטען אַלס פאַרדעכטיגע, צווישען זיי אויך מאַקס. איינציגווייז האָט מען אָנגעהייבען די אַרעסטירטע אונטען אַרויסצורופען אין קאַנצעלאַריע אַריין. פון דאָרטען פלעגען זיי באַלד צוריק אַריינקומען מיט אַראָפּגעלאָזענע נעזער. דער אונטערצינדער האָט געוויינט. און אָט האָט מען אויך מאַקס'ן אַרויסגערופען, אויף גיך אָפּגעפּטר'ט און געהייסען גיין אַהיים.

עס לוינט צו זיין אַביסעל אַרעסטירט. עס לוינט פאַר יע-דען מענשען, וועמען די פרייהייט ווערט צו געוויינליך. ערשט דאַן, ווען מען פאַלט אַריין אין אַ קליין חדר'ל מיט קראַטעס און די טריט זיינען געציילטע און די לופט איז געשטיקט, ערשט דאַן פילט מען ערשט ווי גרויס די גרויסע וועלט איז, ווי פריי-ליך עס איז צו שפּרייזען, ווי טייער עס איז די פרייהייט. די הייזער טאַנצען דיר אַנטקעגען דאַן. די שטיינער זינגען מיט דיין האַרץ צוזאַמען און דעם גרעסטען שונא ווילט זיך אויס-שטרעקען די האַנט.

מאַקס איז אַרויס אויפ'ן גאַס. אַ שטראָם שטראַלען פון דער זון האָבען אים באַגעגענט און באַלויכטען זיין וועג. און פּאָליעס פאַר אויגען האָבען אים אַנטקעגען געשוועבט. פּלוצלונג האָט ער

זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט עפּעס זוכן, זוכן אין זיך אַליין. עפּעס איז פאַרשוואונדען, פאַרלוירען געגאַנגען. ער האָט געטראַכט עטליכע סעקונדען און דאַן זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ביינאַכט באַשלאָסען איבערצורייסען מיט פּאָליען. ער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס: דאָס איז נישט ער געווען, נאָר אַ צווייטער, אָדער... אָדער בשעת מען זעט נישט די זון, בשעת מען ליגט אין דעם שמוציגען גרוב, וועלכע רופט זיך אַן תּפיסה, ווערט מען דאַן אַ פרומער, אַ בעל־תשובה.

מאַקס'ס געוויסען האָט איצטער געשלאָפען, ער איז פריי־ליך געלאָפען צו פּאָליען.

# דעם אפּטײקער'ס לאָמפּ.

הונדערטער יאָרען איז דער מאַרק-פּלאַץ בײנאַכט
נישט באַלויכטעט געװעזן. די פינסטערניש איז געװעזן אַזוי נאַ־
טירליך, װי בײטאָג די ליכטיגקײט. מענשען האָבען זיך דערקענט
לויט דעם גאַנג, טריט און נאָך דעם ציטער פון שאָטען.

פלעדער-מײז שװעבען אין דעם חשך, הינט בילען און מענ-
שען זינגען זיך זײערע לידער. זונטאָג הערט זיך דער „אַי-דאַנאַ"
פרײטאָג צו נאַכטס—אַ אידישער ניגון, און יאָרען גײען. די פינ-
סטערניש שרעקט נישט. אַ פאַרשפּעטיגטער װאַסער-טרעגער גײט
צום פּלומפּ און נעמט אָן װאַסער. ער גײט צוריק גלײך, רואיג.
יעדער טריט איז דאָ אויסגעמאָסטען און דער חשך שטערט נישט.

נאַכט... און בײנאַכט דאַרף זײן פינסטער, דער טאָג האָט
זיך פאַרמאַכט, װי אַ גרויסער ספר און דער מענש פאַרטראַכט
זיך איבער'ן בוך פון לעבען פאַר זײן שלאָפען גײן.

די פינסטערניש אַרום איז געװעזן אַ באַדערפעניש, אַ באַ-
רואיגונג.

און מיט אַמאָל איז געקומען אין קאַזמערזש א נײער אַפּ־
טײקער און האָט אַראָפּגעבראַכט אַ גרויסען לאָמפּ.

דער לאָמפּ איז נישט קיין געוויינליכער, דאָס איז אַ גאַנצע מאַשינעריע מיט שרויפן, מיט אַ ווייסן זיפּעל. און אַז מען וויל אַביסעל ליכט פון לאָמפּ, מוז מען פּאָמפּען און בלאָזען. די מאַשינעריע נעמט זשומען, רוישען און קנאַקען און פייפען, ביז עס גיט אַ בליץ דאָס ווייסע ליכט—אַזש די אויגען פאַרבלענדען זיך.

מער פאַר אַלעמען האָבען זיך די פעלדער-מייז דערשראָ-קען: הונדערטער יאָרען זיינען זיי געפלויגען ביינאַכט איבער׳ן גרויסען מאַרק-פּלאַץ און קינדער געשראָקען. איצטער שרעקען זיי זיך אַליין. פון אַפּטייקער׳ס פענסטער קוקט אַרויס אַ העלע לבנה און באַגיסט דעם גאַנצען מאַרק-פּלאַץ מיט ליכט.

אַן איבערקערעניש אין שטעטעל.

דער לאָמפּ האָט אַלעמען און אַלץ צעטומעלט.

שטענדיג אין דער צייט פלעגען זיך שוין אַלע איילען אַהיים, אָדער ביי זיך אויף דעם גאַניקעל זיצען און דערציילען מעשיות. און דערציילען איז שטענדיג געווען וואָס, די בוימער פון אַלטען בית-עולם האָבען גערוישט און צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ.

—„אַמאָל איז געווען, אַמאָל איז געווען".

דער בית-עולם איז אַזוי נאָענט צו די לעבעדיגע, טויט און לעבען וואוינען אַזוי נאָענט, עס דוכט זיך אויס, אַז עס איז גאָר קיין גרויסער אונטערשייד. פאַרליבטע פּאָרלעך באַהאַלטען זיך אַזוי אָפט אויפ׳ן בית-עולם. אויך דאָ איז די פינסטערניש צוגויץ געקומען.

איצט איז אַנדערש: דאָס שטעטעל גייט לאַנג נישט שלאָ-פען. עס ווילט זיך נישט; עס איז ליכטיג.

ביים אַפּטייקער׳ס פענסטער איז איצט יעדען אָווענט פריי-ליך, דאָ קומט איצט זיך זען חתן-כלה, מען שמועסט זיך אויס און מען גאַפט אויפ׳ן לאָמפּ. מען קוקט אַריין אין אַפּטייק אויף די ווייטע סלאָעקלעך מיט די רפואות, אויף דעם אַפּטייקער׳ס גלאַטען לבנה-קאָפּ און אויף זיינע בייזע, גרויסע וואָנסען.

אַרום דעם פענסטער איז אַ ניי לעבען אַוועק.

עפּעס אַ איד האָט בייטאָג דערהאַלטען אַ בריף. נו, איז

ער בייטאָג זעהר פאַרנומען, דער איד. קומט ער איצט צום אַפּ-טייקער׳ס פענסטער, טוט אָן די ברילען און שטודירט זיין בריף, לאַנגזאַם, וואָרט ביי וואָרט.

די פערד פון שטעטעל האָבען זיך שוין איצטער צוגע-וואוינט צו דער נייער לבנה אויף דער ערד, צום אַפּטייקער׳ס לאָמפּ, נאָר די ערשטע צייט ווען זיי פלעגען אַריינפאָרען גלייך פון שאָסיי אין מאַרק-פּלאַץ, האָבען זיי שטאַרק מיט די פיס גע-טופּעט און געריסען האָבען זיי זיך פון די האָלאָבלעס, געוואָלט אַנטלויפען פון שדים-פייער, וואָס האָט העל באַלויכטען דעם גאַנ-צען מאַרק-פּלאַץ, פון אייביג-אָן פינסטערן מאַרק-פּלאַץ.

נאַכט און ליכט, העלער רוישענדער פייער. מענשען זיינען ווי די נאַכט-פויגלען נייגעריג און פאַרוואונדערט.

קינדער-לאַבוזעס טרעטען פון דאַנען גאָרנישט אָפּ... דאָ שפּילט מען איצט אין קנעפּלעך. דאָ שטיפט מען.

איינער ביים צווייטען כאַפּט אַראָפּ דאָס היטעל און וואַרפט עס אַריין אין אַפּטייק. צו-ערשט פלעגט דער אַפּטייקער דאָס אַריינגעוואָרפענע היטעל צוריק אַרויסוואַרפען; שפּעטער, ווען ער האָט דערזען, אַז עס נעמט קיין סוף נישט, האָט ער גענומען קאָנפיסקירען די איינגעלשע היטלעך. איבער אַן אָוועגט קלויבען זיך ביי אים אָן עטליכע היטלעך.

און די איינגלעך שטייען אַנטקעגען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ און בעטען זיך מיט די אויגען:

—טייערער אַפּטייקער, גיב אָפּ מיין היטעל! יענער מאַכט זיך נישט וויסענדיג, ביז אַ טאַטע קומט און באַשטראָפט דעם שטיפער.

אויף דער טיר פון אַפּטייק הענגט אַן אַלטע אייזערנע קייט, מיט וועלכער מען מאַכט צו די טיר פון אינעווייניג, איז נישטאָ קיין לאַבוז אין שטעטעל, וועלכער זאָל פאַרבייגיין גלייכגילטיג און נישט אַ צי-טאָן די קייט.

דעם אַפּטייקער פאַרדריסט עס און ער יאָגט נאָך די לאַבו-זעס. זיי אַנטלויפען הינטער די הייזער און דאָרט איז פינסטער און זיין לאָמפּ האָט שוין דאָרט קיין שליטה נישט—גייען זיך

לאָבוזעס אין דער פינסטער.

ביינאַכט איז אַרום אַפטייק לעבעדיג, דאָ איז אַ מיטעל-פונקט פון דער וועלט. ווער עס איז נאָך יונג, ווער עס האָט עפעס צו זאָגען און טראַכטען פון טאָג, קומט אַהער-צו און שמו-עסט זיך אויס פאַר׳ן שלאָף.

דאָ געפינט איר דעם סטראַזשניק, דעם וואָיט, דאָ רעדט מען אַרום אַלע שטעטעלשע און וועלטישע ענינים.

דער גייט אַוועק און יענער קומט...

איינער אַ לאָבוז שטעלט זיך אויפ׳ן קאָפּ און מאַכט מיאוסע מינעס און שטעקט אַרויס די צונג דעם אַפּטייקער מיט זיין לאָמפּ, מיט זיין גאַנצען יחוס. אַ צווייטער אַ פאַרטרוימטעד לייגט אַריין אַ פינגער אין מויל און שטייט אַזוי שעה׳ן אָפּ און קאָן זיך נישט אָפּרייסען פון בייזען וואונדער.

דער פייפט, יענער מעקעט, ווי אַ בהמה און נאָך איינער אַ לאָבוז האָט פון ערגעץ באַקומען אַ ביקסעל מיט פיסטאָנעס און יעדעס מאָל, ווען .דער עולם באַרואיגט זיך אַביסעל, דערהערט זיך אַ קנאַל. דער אַפּטייקער לויפט אַרויס און גלאָצט מיט די אויגען.

אַלע זידלען דעם לאָבוז.

אָבער שולדיג איז דאָך גאָר דער לאָמפּ. אין אַמאָליגע ציי-טען האָט מען פון אַזעלכע שטיפערייען ביינאַכט נישט געוואוסט.

אַנדערע זיינען מיט׳ן אַפּטייקער גרויסע מחותנים. גייען זיי טאַקי אַריין אין אַפּטייק גופא און איבער זיי רוישט דער לאָמפּ, זשומעט און בלאָזט, ברומט און גיסט מיט גאַנצע עמערס ליכט.

דער לאָמפּ,—דאָס איז נישט קיין געוויינליכע מאַשינעריע, אַ פויער האָט פאַרשפּעטיגט צו זיין דאָרף און איז געבליבען נעכ-טיגען אין שטעטעל; איצט שטייט ער מיט ברייט-געעפענטע אוי-גען און גלאָצט זיי אויף דעם לאָמפּ. עמיצער פון די שטעטעלשע קולטור-טרעגער ערקלערט אים גענוי, וואָס דאָס איז פאַר אַ קונ-ציגער לאָמפּ און דער פויער קראַצט זיך דאָס בערדעל און עס איז אים עפעס שווערליך צו באַגרייפען די אַלע ערקלערונגען.

נאָך מענשען קומען, שטעלען אָן די אויגען און הערען

שיס״די ערקלערונגען.

אַ לאָמפּ—אַ טייוועל, נישט קיין לאָמפּ. אַמאָל איז דאָך פינס־טער געווען און מען האָט, געליבט דעם אויבערשטען, געלעבט. מען האָט געלעבט אָן דעם.

פאַרליבטע שטייען ביים פענסטער. פון וואַסער קומט אַ קיל ווינטעל. פון די בערג בלאָזט אַ וואַרעם ווינטעל, און אַ יונגע מיידעלשע האַרץ קלאַפּט צו שטאַרק אין דער זומערדיגער נאַכט און אַז דאָס האַרץ קלאַפּט צו שטאַרק, ווערען די באַקען בלייך און די אויגען בליצען עפּעס אַנדערש ווי אַלע מאָל.

—וואָס ביסטו בלייך אזוי, כלה׳שי?—פרעגט אַ חתן ביי זיין כלה.

—גאָרנישט, עס דוכט זיך דיר אויס. דאָס איז פון לאָמפּ. דער לאָמפּ וואַרפט אַ בלייך שיין אויף מיר.

נאָר באַלד אַנטלויפט דאָס פּאָר׳ל פון לאָמפּ. קושען זיך איז בעסער אין דער פינסטער.

נישט נאָר מענשען—

פון די בערגלעך, פון די טאָלען, פון די ווילדע פעלדער זאַמלען זיך דאָ צונויף אַלע פאַרביגע נאַכט-מאָטילען. קלענערע מיט גרעסערע, לאַנגליכע און שמאָל-קורצע שמעטערלינגען, רונדע ווי בלעטלעך פון בלומען, מיט גרויע און געלע, מיט שוואַרץ-ווייסע פליגעלעך, מיט רויטע פלעקען. וועלכער נאַכט-קינסטלער האָט עס אויסגעקלערט אַזעלכע פאַרבען פאַר די מאָטילען, פאַר אַלע פליגעלעך? אַלע דרייען זיך אַרום דעם פענסטער און קלאַפּען זיך אין שויב.

אַנדערע מער-דרייסטערע פליען גלייך אין אַפּטייק אַריין און דאָרטען ווערען זיי שכור פון די רעצעפּטען-ריחות און פון לאָמפּ׳ס נאַפט.

זיי דרייען זיך אַרום פייער. פאַר די פּיטשינקע לעבענס מוז דער וואונדער נאָך גרעסער זיין. דאָרטען אין די טאָלען, וואו זיי זיינען געבוירען געוואָרען, די מאָטילען, דאָרטען איז אזוי פינסטער און רואיג, בלויז אַ שטערן באַלויכט אַמאָל מיט זיין אָראָפּפאַלען דעם טאָל און דאָ רוישט און סאַפּעט אַזאַ גרויסע

שטיק ליכט און וואַרפט אַזוי פיל שיין אַרום.

אין אַפּטייק פאַלען זיי אויף דעם פאָל אַראָפּ, די שמעטער־לינגען, אויף די סלאָיעס מיט די רפואות, אויף דער קאַסע, און דער אַפּטייקער שאַרט זיי אַראָפּ.

מאַכטלאָזע פאַלען זיי, פאַר׳חלש׳טע.

גאָר אַנדערע מחנות קומען פון די נאַכט־שאָטענס אַרויס קליינינקע סודות פון דער נאַכט. טרוימען־לעבעדיקע צאַפּלען און קלאַפּן מיט די פליגעלעך אין אַפּטייקער׳ס פענסטער און קאָנען זיך נישט אָפּוואונדערן פון ווייסען ליכט.

צוריק צו די נאַכט־שאָטענס פליען זיי שוין נישט.

עפּעס אַ כלב, אַ פרעמדער, נישט קיין היגער כלב, מיט שוואַרץ־ווייסע פלעקען, אַ כלב האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מי־טען מאַרק מיט דער „מאָרדע" צום אַפּטייקער׳ס פענסטער און האָט זיך פונאַנדערגעיאָמערט. אָבער מיט אַזאַ יאָמער, מיט אַזאַ האַרץ־רייסענדען קרעכץ, אַז באַלד, דאַכט זיך, דאַרף די גאַנצע וועלט אונטערגיין.

וואָס האָט ער צו צו דעם לאָמפּ? צום ליכט? וואָס געפעלט אים דאָ נישט, דעם כלב?

שטייט ער אַזוי און יאָמערט און זיינע קולות צוטראָגען זיך ווייט צו די איינזאַמע הייזלעך ביים סוף שטעטעל, צום שאָסיי, צו די בערג, צום וואַסער. איין הונט מאַכט פול די לופט מיט זיין יאָמער.

כאַפּט אַ לאָבוז אַ שטיין און לאָזט אים אַריין אין כלב. דער כלב מאַכט פיס ערגעץ אין דער פינסטערניש.

די אינגלעך נעבען אַפּטייק קוקען זיך אַרום און וואונדע־רען זיך איבער:

—דאָס איז נישט געווען קיין הונט, דאָס איז געווען אַ לץ, אַ לץ, מעגסט גלויבען. דו האָסט געזען, ווי ער איז אַוועקגע־לאָפען און נישט געבילט, דער בעסטער סימן!

און אַלע אינגלעך נעמען ריידען פון שדים, פון לצים. אַ גליק וואָס דער לאָמפּ וואַרפט ליכט—דער שרעק וואָלט זיי אַלע־מען פאַריאָגט.

און דאָך גייען זיי אַוועק, די אינגלעך, שלאָפען, אַביסעל אָנגעשרעקענע, און בײנאַכט חלומ'ט זיך זיי דער הונט, וואָס האָט אַזוי ווילד געיאָמערט.

נאָר איינער באַוויזט זיך נישט אין יענעם ווינקעל, וואו די אַפּטייק שטייט. דאָס איז מיכאל גנב. ער איז שטאַרק אין כעס אויף דעם אַפּטייקער, וואָס ער האָט באַלויכטען דאָס שטע-טעל, מיכאל באַוויזט זיך נישט קיינמאָל בייטאָג און אין אָווענט גנב'עט ער זיך אין די שאָטענס. ער זוכט פּרנסה און איצט: דעם אַפּטייקער'ס לאָמפּ שטערט אים שטאַרק.

באַווייזט ער זיך, נעמט באַלד אַ אינגעל שרייען:

—מיכאל דער גנב גייט, מיכאל דער גנב!

ווען אַרום אַפּטייק ווערען ווייניגער מענשען, הערט מען דאַן דייטליכער, ווי דער לאָמפּ רוישט. דער אַפּטייקער טראָגט דאַן אַרויס אַ טאַבורעט פון אינעווייניג, שטעלט עס אַוועק און זעצט זיך אָפּרוען פאַר'ן גאַנצען טאָג.

גייט פאַרביי אַ פאַרשפּעטיגטע אידענע, וואַרפט זי אַריין אַזאַ פראַגע אין דער נאַכט:

—ווי אַ מכשף זעט ער דאָ אויס ביי זיין אַפּטייק מיט זיין משונה'דיגען לאָמפּ.

און דער אַפּטייקער זיצט און וואַרט נאָך אַלץ אויף רע-צעפּטען. אין שטעטעל בייזערט מען זיך אויף אים:

—אַ מענש זאָל זיצען און וואַרטען, אַז אַנדערע זאָלען קרענקען.

און קרענקען קרענקט מען איצט אַ סך מער אין שטעטעל ווי אַמאָל, אין שטעטעל און אין די אַרומיגע דערפער.

מענשען זוכען די סבה פון דעם. אַנדערע זאָגען, אַז דאָס איז צוליב דעם לאָמפּ.

זינט דער לאָמפּ האָט גענומען וואַרפען פאַסען ליכט אויף דעם מאַרק, האָט מען אָנגעהייבען מער צו קרענקען אין שטעטעל.

און צו וואָס דאַרף מען אים? פריער האָט מען דען שלעכט געלעבט? צו וואָס באַדאַרף מען ביינאַכט אַזאַ העלען פייער? אויף אַרויסצורופען די נישט-גוטע... האַ?

מענשען בייזערן זיך. מענשען באַרעכענטע, עלטערע קוקען מיט גרויסע בליקען אויף די נייע אַפּטייק מיט'ן געגאָלטען אַפּ־טייקער און אויף זיין לאָמפּ קוקען זיי פאַרדעכטיג.

מענשען זיינען אָנגעשראָקען — קיין גוטס ערווארטען זיי נישט...

# אַ בלוטיגער גרוס.

איינער פון די מיעשטשאַנעס איז אין וואַלד געפאָרען נאָך האָלץ. דער וואַלד איז נאָך גענוג גרויס געווען, כאָטש פון יאָר צו יאָר איז ער אַלץ שיטערער געוואָרען.

מענשען-קאַרליקעס זיינען געגאַנגען מיט העק און זעג און אונטערגעגראָבען די מעכטיגע גיגאַנטען, די בוימער...

עס וועט קומען אַ טאָג, ווען דאָס וואָרט „וואַלד" וועט קלינגען לעגענדאַריש און אַ בוים וועט מען ערגיץ זען אויף אַ בילד, קלענערע בוימלעך וועט מען האַלטען אין די אָראַנזשער-יעס, אין ספּעקטען...

דערווייל ראַנגעלט זיך נאָך די נאַטור מיט איר לעצטען אָטעם.

אַ מיעשטשאַנין איז געפאָרען נאָך האָלץ און איז געקומען צוריק מיט אַ טויטען קערפּערפון אַ קאַבאַן.

דער טויטער ווילדער חזיר האָט פאַרנומען דעם גאַנצען וואָ-גען. דער מיעשטשאַנין האָט זיין וואָגען געפירט איבער די גאַ-סען פון שטעטעל און בלוט האָט פון דער חיה גערונען, ווי פון

אַ קראַן. קינדער און ליידיגגייער זיינען געלאָפן און געקוקט אויף דעם מאָדנעם בילד.

און געשוועבט האָט פאַר די אויגן אַ גרויסער געדיכטער וואַלד. אַ גרינע וועלט מיט וועווערקעס, מיט האָזן און פוקס.

אַ וועלט פון פויגעל-קלאַנג און רואיגקייט. שטראַלן זוכן דאָרט אָרט פאַר זיך דורך די צווייגען-קייטן.

שניי זיפּט זיך דאָרט דורך די צווייגן, ווי דורך אַ נעץ און מיט אַמאָל לויפט דורך אַזאַ גרויסע, אַזאַ שטאַרקע חיה, ווי דער קאַבאַן און גלאַנצטמיט זיינע קליינע אויגעלעך און סאַפּעט ווילד.

און די חיה פאַרגעסט גאָר, אַז אויף דער וועלט זיינען פאַראַן מענשען און די מענשען איז ווינטער קאַלט.

און די חיה ווייס גאָרנישט, אַז דער מענש קאָן אויסשליי־פן שאַרפע העק, מעסערס, שפּיזען.

און אַז דער מענש האָט ביקס און קויל...

דער מיעשטשאַנין האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט דעם קאַבאַן דער׳הרג׳ט: ער איז געשטאַנען מיט זי׳ן האַק און אונטער־געהאַקט די דינערע בוימער. מיטאַמאָל איז אָנגעלאָפן די חיה מיט אַ ברומעריי און גלייך אויף מיר, גלייך אויף מיר.

—האָב איך זיך געכאַפּט אין רעכטען מאָמענט און די האַק מיט׳ן שאַרף איז אַראָפּגעפאַלען דעם קאַבאַן אין מיטען קאָפּ... איך האָב אים דעם שאַרבען צעשפּאָלטען און פאַר מיר אין די אויגען איז די חיה אויסגעגאַנגען.

שפּעטער האָט ער זיך דערוואַרט נאָך עטליכע פויערים, וועלכע האָבען אים געהאָלפען דעם טויטען קאַבאַן אויפ׳ן וואָגען אַרויפלייגען.

מען הערט אויס די מעשה און מען קוקט אויף די חיה, וואָס ליגט אַזוי ברייטליך אויף דער פור.

בלוט רינט און טראָפּענט כסדר. און ציין שצירען זיך ביי דער חיה. אַ סך טרוקענע סכך-נאָדלען זיינען צוגעקלעבט צום קערפּער פון קאַבאַן, אויסגעמישט מיט בלוט. סכך-נאָדלען, טרו־קענע בלעטער און קליינע צווייגלעך.

דער גאַנצער וואָגען איז פאַרבלוטיגט, דער מאַרק-פּלאַץ איז פאַרבלוטיגט, ביים מיעשטשאַנין זייַנען די קליידער און די הענט אין בלוט.

עס דוכט אויס, אַז אין דער חיה איז אַן ענדלאָזער בלוט-קוואַל.

אַזאַ לעבעדיג רויט בלוט, עס שרייט און עס רייצט. אַ שטיק נאַטור, אַ גרוס פון די לעצטע וועלדער, אַ בקוטיגער גרוס,

# הערבסט.

עס איז אַ דור פון בלוט און אכזריות. דו הערסט אויף צו גלויבען אין לעבען און אין זיין פאַרבעסערונג. דערפאַר גלויבט זיך אין טויט און דעם רואיגען בית-עולם. אַ שטילע טרייסט טראָגט פון די איינגעפאַלענע מצבות און פון די געלע הערבסט-בלעטער... הייסט עס, קומט דאָך אַמאָל יאָ אַ סוף צו די אַלע שרעקען און די, וואָס זייערע נעמען עס זיינען דאָ אויסגעקריצט אויף די שטיינער ליידען באמת שוין מער נישט און בלויז דער ווינט דערציילט זיי פון טאָג און טרייסט זיי, אַז עס לוינט נישט צו לעבען...

טויט... עס מאָלט זיך מיר כסדר די אידיליע פון טויט. די שוואַרצע נאַכט, די פאַרשפעטיגטע קראָען איילען אין די נעסטען און קראַקען כסדר. אויף די מצבות פאַלט אַ שאָטען. שטיל-שטום, אַ געל בלאַט לויפט איבער פון איין קבר צום צווייטען, דערנאָך פאַרשאַרט עס זיך ערגעץ אונטער'ן פלויט און קיינער ווייס נישט, אַז אַמאָל איז געווען אַ בלאַט, אַ גרינס, אַ לעבעדיגס.

דערנאָך גייט אַריבער דער ווינט איבער די קברים, שאַרט

אראָפּ אַביסעל אַלט גראָז, אַביסעל שטויב, נאָר אינעווייניג צו די קברים קומט ער נישט צו. די ביינער ליגען און רוען און עס דאַכט זיך, אַז עמיצער ענטפערט דעם ווינטעל: „מיר זיינען שוין געווען, מיר האָבען שוין געזינדיגט און געלעבט". די ביי-נער ציען זיך נאָך מער איין אין דער ערד, ווי זיי וואָלטען זיך שרעקען טאָמער וועקט מען זיי אויף. עס ווילט זיך נישט ווידער דורכגיין דעם שווערען וועג פון ספקות.

— טויט...

„דו ביזט פאַר'משפט צום טויט", רעדט דער שיקזאַל איי-ביג צום מענשען און דער מענש וואָלט דרייסט געקענט ענט-פערן: עס וואָלט נאָך שרעקליכער געווען, ווען איך וואָלט גע-ווען פאַר'משפט צום אייביגען לעבען. — טויט איז די ענדע, די ענדע איז אַ טרייסט...

און אַלץ לעבט צוליב דעם שטאַרבען, צוליב דעם שיינעם שטאַרבען. אַ מענש זאַמעלט פאַרמעגען אַ גאַנץ לעבען, בויט, שאַפט, נאָר דער קאָפּ נעמט גרוי ווערען און דער קאָרק בויגט זיך איין. פאַר ווענען האָט ער געלעבט? פאַר ווענען גע-שאַפען?

פרומע לייט זיינען זיך מתודה פאַרן טויט, שוואַנען זינ-גען, און דער לייב גייט אַוועק אין דער מדבר און גיט אָפּ דער וויסטעניש זיינע לעצטע אָטעמס. נאָך שענער פאַר אַלע-מען שטאַרבט אין הערבסט דער זומער, אָט דאָס אַלץ, וואָס האָט געשמעקט און געבליט, וואָס גרעסער דער גאָרטען, וואָס טיפער דער בלעטער-וואַלד, אַלץ שענער איז דעם זומער'ס טויט. מיין מיידעל רופט עס: דער גאָלדענער בית-עולם. אויף די ביי-מער רעגענט גאָלד, אויף דער ערד וואַלגערט זיך גאָלד און זי לויפט אַרום, מיין מיידעל, און שאַרט עס פונאַנדער, דאָס גאָלד, און זי צוטרייסעלט אַ לייכט בלימעל, זי האָט ליב צו זען, ווי די געלע בלעטער נעמען פאַלען.

אַך, קינד, קינד, דיינס אַ יאָר איז אַוועק און ער וועט שוין קיינמאָל מער צוריק נישט קומען, דו טרעטסט אויף די גע-לע בלעטער, דאָס זיינען דיינע זומער-טעג און דיינע זומער-נעכט.

בײם טויער פון גאָרטען שטייט אַן אַלטער װעכטער. זײ-
נע װײסע האָר פאַלען אַרײן אין אַ געל שיטער קאָליר. ער
איז שוין אַזױ אַלט, אַזױ געבױגען און ער לעבט נאָך אַלץ,
עפּענט און פאַרמאַכט יעדען טאָג דאָס טויער.

ריידענדיג מיט אונז װיצעלט ער זיך:

— איר װייסט פאַרװאָס איך לעב נאָך? װייל איך האָב
מורא פאַר'ן טויט. און ער לאַכט דערבײ, דער אַלטער. דערנאָך
רופט ער זיך װידער אָן:

— ניין, איך לעב, װייל דער װינט איז צו מיר גוט. אַלץ
װענדעט זיך אָן װינט, אַט זעט, װי ער רייסט פון די בוימער
די בלעטער, נאָר אַנדערע בלעטער בלייבען, װייל דער װינט
איז צו זיי גוט. איך בין אויך אַזאַ בלאַט, צו װעלכען דער
װינט איז גוט.

קאַלטע גלייכגילטיגע װאַסערן לויפען און גלאָצען װי בלינ-
דע מיט די אויגען. לויפען און קוקען נישט אויף קיינעם. בלויז
די װעלדער און די הימלען שפּיגלען זיך אָפּ אין זיי , די װאָל-
קענט שפּיגלען זיך אָפּ אין זיי, נאָר זיי בלייבען דאָך איבער אונז
די װאָלקען, די װאַסערן נעמען זיי נישט מיט.

אַ קרויז מיט געל-גאָלד, אַ קייט פון נעשטאָרבענע בלע-
טער װיקעלט זיך אויפ'ן װאַסער, שווימט און שווימט נישט
אַוועק.

דער װינט האָט אַ בוים אַן אַלטען אַ טרייסעל געטאָן און
עטליכע אָפּגעדאַרטע צווייגלעך אַראָפּגעװאָרפען. מיט די צווייגלעך
איז אויך אַראָפּגעפאַלען אַ פויגעל-נעסט; און אָט װאַלגערט זיך
דער נעסט לעם די פיס. אַ בערגעלע פעדערלעך פאַלט פון דאָרט
אַרויס און זיי צעשווימען, די פעדערלעך, אַליין פון זיך אין דער
לופט אַרײן, אַליידיג שאָלעכץ פון אַן אויסגעפּיקטע אייעלע
װאַלגערט זיך... און דער ערשטער פוס צעטרעט עס.

די װאַסערן לויפען און איילען זיך באַהאַלטען זיך אין
גרויסען ים. עס װעט קומען אַ טאָג און אַלץ װעט פאַרגליווערט
װערען, פאַרשטיינערט װערען.

פאַרנאַכט פאַרגייט אַ בלוטיגע זון און צינדט אָן די שווער-

צע. אָפּגעדעקטע צווייגען און די קראָען נעמען שרייען מיט די הונדערט־יעריגע שטימען:

„מען וועט נאָך בויען אַ סך בית־עלמינ׳ם, עס וועלען נאָך געפּלאַנצט ווערען אַ סך בוימער, נאָר אַלץ וועט פאַרגיין, אַלץ וועט פאַרגליווערט ווערען אויף אייביג, אויף אייביג״...

קאַלטע וואַסערן לויפען, קראָען שרייען, בוימער בויגען זיך און דער ווינט טראָגט אין אַ קאַראַהאָד אַ ים מיט געלע בלע־טער. אין די שאָטענס פון דעם פאַרנאַכט שטייט מיין שאָטען. עס ווערט אַלץ טונקעלער און עס דוכט זיך מיר, אַז באַלד ווער איך אויף אייביג צושוואומען, פאַרשוואונדען.

די נאַכט האָט אַזאַ גרויסען שויס, זי נעמט אַלעמען אַריין, אַלעמען.

# וואוהין?

איך געדענק אַ זעלטענעם פּאַרנאַכט, אַ וואונדערבאַרע נשמה-רואיגקייט. בלויז די פיס האָבען ווי געטאָן פון לאַנגען-גיין איבערן וואַלד, באַרג און טאָל.

די זון האָט די אויגען געבלענדט און ניט געלאָזען געפינען דעם ריכטיגען וועג, וואו צו רוען...

ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צו אַ קליינעם דערפעל, נידעריגע הייזלעך מיט שטרוי באַדעקט. נעבען יעדען הויז ווייסע בלימלעך און קינדער, עלטערע און גאָר יונגע האָבען זיך געשפּילט בײַ די שוועלען.

מיר, די דריי יונגע לייט, וואָס האָבען געוואַנדערט פון שטעטעל צו שטעטעל און פון דאָרף צו דאָרף, צוליב אַ קאַפּריז. נעם פאַרלאַנג: מיר האָבען געזוכט אונזערע באַקאַנטע חברטעס... מיר זיינען פרעמד געווען פאַר די דאָרפס-לייט מיט אונזער אויסזען, קליידונג און אַרט האַלטען זיך.

דאָך האָבען זיי אונז מיט פריינדשאַפט אויפגענומען, עסען און טרינקען געגעבען, פאַר וועלכעס זיי האָבען קיין געלט ניט געוואָלט נעמען.

מיר זיינען געזעסען אונטער אַן אַלטע ליפּע און אויסגע-הערט, וואָס זיי ריידען און דערציילען. מיר זיינען אפשר נאָך געווען מער נייגעריגער פאַר די פּויערים, וועלכע האָבען נישט אויפגעהערט אונז צו באַטראַכטען.

אין דאָרף איז איצט אַזוי שטיל געווען. רואיג האָט זיך געוויגט די אַלטע ליפּע. ערגיץ האָט אַ בהמה פאַרשפּעטיגט, האָ-בען די קינדער זי אַהיים געיאָגט. די לעצטע שוואַלבען זיינען פאַרבייגעפלויגען, אַ לייכטען קוויטש געטאָן, ווי זיי וואָלטען אַ „גוטע נאַכט" זאָגען און פאַרשוואונדען געוואָרען.

פאַרביי אונז האָט מען דורכגעטריבען עטליכע צענדליג פערד, דאָס האָט מען זיי אויף נאַכט-פּיטער געטריבען.

אַנטציקט זיינען מיר געווען פון דער שטילער אידיליע, פון דעם ברייטען הימעל, וואָס האָט גערוט איבער'ן דאָרף.—אַזאַ לעבען איז שיין— האָט איינער פון אונזערע זיך אָנגערופען.

און אַן אומעט האָט געקלונגען אין זיין קול.

—איך בין זיי מקנא, — האָט דער צווייטער אָפענהערציג געזאָגט.

איך האָב אויך דאָס אייגענע געפילט.

פּלוצלונג ווענדט זיך צו אונז אַן אַלטער פּויער.

—אין שטאָט מוז זיך גוט לעבען? עס איז דאָרטען אינ-טערעסאַנט ביי אייך...

מער האָט ער נישט געזאָגט, דער אַלטער פּויער:

נאָר פאַר די אויגען האָבען מיר שוין געשוועבט פאַררע-גענטע און פאַרשנייטע דאָרפישע הייזלעך, בלאָטע, חולאת'ן פאַר-שיידענע.

זיי אונטער'ן פרייען הימעל בענקען נאָך אונזער ענגער שטאָט.

און מיר זיינען זיי מקנא...

# בריף.

אין דעם טונקעלען זאַל, וועלכער איז אויסגעפּוצט מיט פאַרשיידענע בילדער און סטאַטועטקעס, שטייט אין אַ ווינקעל אַ קליין טישעלע פון שוואַרצען האָלץ; אויפ'ן טישעל אַ קעסטעל, וועלכע איז באַשאָטען מיט פאַרשיידענע שטיינדלעך און מושלעס; אין שאַכטעל ליגט אַ קעסטעלע בריף, און יעדעס מאָל, ווען ר'עגא רובין גייט פאַרביי דעם טישעל, דערמאָנט זי זיך אַ מאָדנע געשיכטע; פיל מאָל שטעלט זי זיך אָפּ לעם דעם טישעלע, נעמט אַרויס די בריף און לייענט זיי.

## ערשטער בריף.

גנעדיגעס פריילין! איך וועט געוויס וואונדערן אַזאַ בריף. איר וועט זיך אפשר בייזערן אויף דעם אומבאַקאַנטען, וואָס וואַגט צו אייך שרייבען אַזוי אָן צערעמאָניעס, אַזוי אָפען, נאָר וואונדערט זיך נישט—אין לעבען זיינען דאָ אַ סך צופעליגע און אומפאַרשטענדליכע פאַסירונגען, און אפשר צוליב דעם אַליין האָט דאָס לעבען זיין ווערט און פּראַכט. שוין פיל יאָר ווי איך

לעב דאָ אין דער ענגער פאַררוויכערטער שטאָט. איר זייט די ערשטע פרייד מיינע פאַר אַ לאַנגער טרויעריגער צייט. מיט עט-ליכע מאָנאַטען צוריק האָב איך אייך דעם ערשטען מאָל אויפ׳ן גאַס דערזען. איך וואָלט אייך אפשר נישט באַמערקט, ווען איר וואָלט צופעליג נישט אויפהויבען אייערע אויגען, — איר ווייסט ס׳אַראַ טיפע, אומעטיגע אויגען איר פאַרמאָגט, זיי דערציילען פון אַ צושטערטען חלום, זיי דערציילען פון אַ באַליידיגטען מלאך.

איך האָב זיך דאַן אויפגעשטעלט! איר זייט שוין געווען ווייט, נאָר איך האָב זיך פון דעם אָרט נישט גערירט; אייער בליק איז מיט מיר געבליבען, ער האָט מיר דעם וועג פאַרצוימט. „ווער איז עס געווען?״ האָב איך געטראַכט. נאָר די מענשען האָבען מיך געשטויסען און געטריבען ווייטער.

פון דאַמאָלס אָן איז די גאַס געוואָרען מיין איינציגער שפּאַציר-פּלאַץ. און די האָפנונג אייך צו באַגעגענען לאָזט מיך קיינמאָל נישט מיד ווערען...

איך באַגעגען אייך גאַנץ אָפט, און יעדעס מאָל לאָזט עס אין מיר איבער געגוג פרייד און בענקשאַפט, אויסער די פעלען, ווען איר פאָרט איבערן שטאָט אין אַ קאַרעטע, דאַמאָלס ווער איך עפּעס אויפגערעגט און עס פאַרדריסט מיר אויף אייך. איך ווייס נישט פאַרוואָס איר זייט מיר ליבער, ווען איר גייט צו פוס, טריט ביי טריט מיט׳ן גאַסען-עולם, וועלכער קוקט אויף אייך מיט אַזוי פיל נייגעריגקייט...

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט און דערגאַנגען, וואָס איר זייט. „די רייכסטע און די שענסטע אין גאַנץ שטאָט,״ רופט מען אייך אָן. אייער פאָטער האָבען אַלע פיינט. ער איז שלעכט און רייך. אפשר איז ער צו אייך אויך שלעכט, און דעריבער זיינען אייע-רע אויגען אַזוי אומעטיג?

זייט געזונט און בייזערט זיך נישט אויפ׳ן אומבאַקאַנטען פריינד.

# צווייטער בריף.

גנעדיגעס פריילין! איך האָב באַמערקט, ווי איר קוקט אייך אום אויף דער גאַס. איר זוכט געוויס דעם אומבאַקאַנטען, אָבער עס איז אומזיסט אייער מי. איך וויל, איר זאָלט מיך נישט קענען און איך בין זעהר פּאָרזיכטיג; איך בין זיכער, אַז אונזער באַקאַנטשאַפט וועט צעטרייבען מיין איינציגען חלום... יאָ, עס איז איבעריג. אין דעם טאָג, וואָס איך זע אייך אויף דער גאַס, פיל איך זיך גליקליך און רואיג, כאָטש אָפטמאָל באַפאַלט מיך די בענקשאַפט. איך דערשטיק עס באַלד. ס'איז נאַריש! מענשען באַזינגען שטענדיג די זון, כאָטש זי איז אַזוי ווייט פון זיי, אַלע שיינקייטען באַצויבערן נאָר פון דערווייטען—איר? איר זייט מיין הייליג ווייטעס בילד, אויף וועלכעס איך קוק בגגבה.

איך האָב די לעצטע צייט צוויי מאָל אייך באַגעגענט: דעם ערשטען מאָל אין אַ געשעפט פון שפּילצייג פאַר קינדער, איר האָט זיך אויסגעקליבען צאַצקעס—געוויס פאַר אַ קליין שוועסטעריל,

עס האָט מיך דאָרט איבערראַשט אַ קלייניגקייט: איר האָט זיך געדונגען מיט'ן קרעמער. דער קרעמער האָט זיך געשוואָרען, אַז אים קאָסט אַליין טייערער און איר האָט זיך מיט אים געשפּאַרט. עס האָט מיך אַביסעל אויפגערעגט, נאָר איר האָט אויפגעהויבען אויף אַ רגע אייערע אויגען און איך האָב אייך שוין אַלץ מוחל געווען.

דעם צווייטען מאָל האָב איך אייך געזען אויף אַ סימפאָנישען קאָנצערט. איך האָב אויפגעהויבען די אויגען אין דער הויך צו דעם אָרט, וואו די קלאַנגען הויבען זיך אויף. איך האָב עפּעס געזוכט אין די צעשוואומענע טענער און האָב אייך דערזען אין אַ לאָזשע, דעם קאָפּ האָט איר געהאַלטען אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, די אויגען אַביסעל ברייטער געעפענט, איר האָט קיין קלאַנג נישט דורכגעלאָזען, אַלץ איינגעזאַפּט אין זיך.

און ווען דאָס טעאַטער האָט שוין געהילכט און געציטערט פון אַפּלאָדיסמענטען, זייט איר נאָך אַלץ געבליבען אין דער זעלבער פּאָזע פאַרקלערט און פאַרוואונדערט.

**איך האָב אייך אָפּגעוואַרט, ווען איר זייט אַרויס אויף דער גאַס. אויך דאַן האָט איר זיך אַרומגעקוקט און עמיצען גע-זוכט, געוויס מיך... אָבער, איר וועט מיך נישט באַמערקן — איך בין פאַרזיכטיג. איך האָב דאַן געטראַכט אייך נאָכצוגיין, קוקען אויף אייך, אויף אייער שאָטען...**

**נאָר אייער קאַרעטע איז גיך צוגעלאָפּען...**

**און אפשר ווילט זיך אייך מיך גוט אויסזידלען?**

**שרייבט: פּאָסט-רעסטאַנט...**

**דער זעלבער**

## דריטער בריף.

גנעדיגעס פרייליין! אייער בריף האָב איך ערהאַלטען. טויזענט דאַנקען.! ווי איך זע, ווילט איר שטאַרק וויסען, ווער איך בין. איר פרעגט ביי מיר אַזוי פיל פראַגען, אַז איך ווייס נישט, צי איך וועל אייך אויף אַלע קענען ענטפערן. ווער איך בין, און וואָס איך בין? ס'איז זעהר קאָמיש, ווען מען דאַרף זיך אַליין פאָרשטעלען. נאָר איך וועל עס טאָן: איך בין אַ מאַלער; די בעסטע קאָמפּאָזיציעס מיינע גיבען זיך מיר איין; ווען איך מאָל הויכע בערג, ווילדע פעלזען און אייגזאַמע מענשען, וועלכע קלע-טערן אויף די פעלזען. נו. וואָס ווייטער? וואָס זאָל איך נאָך שרייבען וועגען זיך? איך בין נישט קיין שיינער, זעהר קליין און געוואוקס, נאָך קלענער פאַר נאַפּאָלעאָנ'ען; נאָר איר שרייבט מיר: „ווער איך זאָל נישט זיין, און וואָס איך זאָל נישט זיין" — איר מוזט מיך באַגעגענען. איר מוזט... איך וואָלט אייך געענטפערט מיט'ן לעצטען בריף, נאָר איר פאַרשווערט מיך, מיט די אויגען, וואָס איר האָט אַזוי ליב."

יאָ, אייערע אויגען זיינען מיר ליב, איך טאָר זיך נישט אָנטזאַגען, איבערהויפּט איצט, ווען איך האַלט ביים אָפּפאָרען אויף אַ לאַנגע צייט אין אַ ווייטע רייזע. איך וועל עס טאָן: קומט מאָרגען אין אַלטען „סקוועיר" אין דער אַלעע פון די טאָפּאָלען,

דאָרט האָב איך זיין פון דריי ביז פינף נאָכמיטאָג. נאָר מיט איין באַדינג—קומט צוגיין צופוס; אין אייער קאַרעטע זייט איר מיר עפּעס פרעמדער, ווייטער.. איך גלויב, איר וועט מיר טאָן די קליינע געפעליגקייט.

צום גיכען זען-זיך
דער אומבאַקאַנטער.

## פערטער בריף.

גענעדיגעס פרייליין! איר זייט נעכטען געווען אין גאָרטען און מיך נישט געפונען, נאָר גלויבט מיר, איך פיל זיך נישט שול-דיג... ווען איך בין געגאַנגען צום סקווער, האָט מיך אייער קאַ-רעטע איבערגעיאָגט! איר האָט געהייסען דעם קוטשער זיך אָפּ-שטעלען אַ סך פריער פאַר'ן סקווער; איר האָט נישט געוואָלט, איך זאָל וויסען, אַז איר זייט אין קאַרעטע געקומען. איר האָט מיך נאָך נישט געקענט, נאָר איר האָט מיך גענאַרט. אין זעל-בען מאָמענט האָב איך באַשלאָסען אייער נייגעריגקייט נישט צו-פרידען שטעלען.

יאָ, מיין ליבע פרייליין. דאָס איז דער לעצטער בריף. איך גלויב, איר וועט מיך אַנטשולדיגען, וואָס איך האָב זיך מיט אייך נישט באַגעגענט; איך גלויב איר וועט עס פאַרגעסען פריער פאַר מיר.

נאָר אייערע אויגען—איך וועל זיי מיטנעמען אויף מיין ווייטע רייזע, זיי וועלען זיין מיין וועג-פירער.

לעבט וואויל!

דער אומבאַקאַנטער.

רעגאַ רובין לייענט אָפּט די בריף און טראַכט פון דעם אומבאַקאַנטען. ווער האָט עס געקאָנט זיין? וואו איז ער איצט, דער מאָדנער אומבאַקאַנטער? אַך, זי וואָלט אים אַזוי וועלען זען, אַזוי וועלען זען!...

# מאַרגאַריטקעס.

מיר זיינען ביים ווייקסעל געשטאַנען, און אויפ'ן שיינעם זון-אונטערגאַנג געקוקט: אַ רויטער וואָלקען האָט זיך לאַנגזאַם געטראָגען איבער אונז, ווי אַ שווערע אָנגעלאָדענע שיף, באַגלייט פון עטליכע קליינע וואָלקענדלעך...

מער פון אַלעמען איז פאַרוואונדערט געווען די יונגע אירע; יעדע ווילע האָבען אירע דינע ליפּעלעך זיך געעפענט מיט אַן אַנדער אויסגעשריי:

—זעט נאָר יענעם וואָלקען, ווי אַ עלעפאַנט זעט ער אויס: באַלד וועט ער אַראָפּלאָזען זיין לאַנגען שנאָבעל אין טייך און זיך אָנטרינקען!..

—זעט נאָר, דער וואַלד ברענט!..

און פון וואָלקען, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ עלעפאַנט, איז באַלד אַן אומגעלומפּערטע שטיק געוואָרען; דאָס פייער פון וואַלד האָט זיך אויפ'ן נאָענטען דאָרף אַריבערגעטראָגען; די שוואַלבען האָבען זייער לעצטען שפּאַציר אין דער לופטען געמאַכט און מיר זיינען נאָך אַלץ ביים ברעג געשטאַנען, געלאַכט. גע-

וואָרפען שטיינדלעך אין וואַסער און אין „זשאַבקעס" געשפילט...

—אַ בלימעל שווימט, אַ בלימעל שווימט,—האָט אירע פלוצלונג אויסגעשריען, אָנווייזענדיג אויף אַ ווייס בלימעל, וועלכעס איז פאַרבייגעשוואומען, טאַנצענדיג אויף די כוואַליעס; נאָר קורץ זיינען אונזערע הענט געווען, און דאָס בלימעל האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט...

—דאָס איז אַ מאַרגאַריטקע, פאַרליבטע האָבען עס פון זייער שיפעל געוויס פאַרלוירען.

דאַן איז איינער פון די בחורים ביז די קני אין וואַסער אַריינגעלאָפען און אירע'ן דאָס בלימעל געבראַכט.

—אַן עכטער ריטער,—האָבען זיך אַלע געוויצעלט און אירע האָט זיך געשפילט מיט'ן בלימעל, ווי אַ קינד מיט איר בעסטען שפילצייג...

—מאָרגען וועל איך אייך אַ גאַנצען בוקעט אַזעלכע בלומען ברענגען—האָב איך צו איר געזאָגט. זי האָט מיט אַ שמייכעל מיר געענטפערט,—און איר שמייכעל מאַכט גליקליך.

אין דערפרי בין איך נאָך בלומען אַוועק: געבלאָנדזשעט אין די פאַרוואַקסענע בערג-שטעגלעך, נישט איינמאָל האָב איך זיך די פינגער צעשטאָכען אָן ווילדען גראָז, דאָך מיינס האָב איך אויסגעפירט: איך האָב אַ גרויסען בוקעט אָנגעקליבען, ווייסע פרישע מאַרגאַריטקעס מיט געלע אויגעלעך, וועלכע האָבען צו מיר געקוקט נייגעריג-צעשראָקען, ווי זיי וואָלטען מיך פרעגען: „וואוהין טראָגסטו אונז, צו וועמען?"

—צו איינער פון די שענסטע טראָג איך אייך, אירע'ס שמייכעל מאַכט גליקליך...

פון ווייטען האָב איך איר געלעכטער דערהערט. זי איז געשטאַנען אין גאָרטען, ווי אַ יונגע הערשערין פון איבערגעגעבענע פאַזשען אַרומגערינגעלט. אין האַנט ביי איר איז געווען אַ בוקעט רויזען; איך האָב זיך דערשראָקען: ווער וויל עס מיט מיר קאָנקורירען? איך האָב דאָך מיט אַזוי פיל מי אַ בלימעלע צו בלימעלע געקליבען, מיינע פינגער צעשטאָכען...

זי האָט צוגענומען ביי מיר די בלומען און געקוקט אַ ווײַלע אויף ביידע בוקעטען:

—די רויזען זיינען שענער,—האָט זי אויסגערעדט און זיך צולאַכט. זי האָט געמעגט לאַכען. אין די הענט האָט זי צוויי בו- קעטען געהאַלטען... און איך...

איך האָב געהאַט צעשטאָכענע פינגער. איך האָב מיינע איינפאַכע בלומען נישט געקאָנט פאַרטיידיגען: ס'איז אויף זיי טאַקי געווען דאָס בלוט פון מיינע פינגער...

אָבער שענער זיינען געווען די רויזען...

# דער שענסטער קלאַנג.

ער איז געוויס געקומען פון אָרעמען קוואַרטאַל, דער לאָבוס, אַ באָרוועסער, מיט אַ היטעל אָן אַ קאָזירעק, די קני אין די הויזלעך אויסגעריבען, די האָר ווילד צעוואַקסען, דאָס פּנים נישט געוואַשען. און אויב ער האָט וואו אַהיים,—מוז דאָרטען זיין שמוציג, די שויבען פון די פענסטער אויסגעשלאָגען, און נידעריג, נידעריג ווי אין אַ קבר... און אויב ער האָט אַ מאַמען, מוז זי זיין אַ גאַסען-הענדלערקע מיט שרעקליך שמוציגע קליידער, מיט קראַנקע אויגען און זי שילט אים שטענדיג און זי שלאָגט אים...

אָבער דאָ אויף דער רייכער גאַס, וואו יעדער רגע בייטען זיך אַזעלכע שיינע אומבאַקאַנטע בילדער, דאָ איז אים גוט. דאָ פאַרגעסט ער אָן אַלץ...

ליגט ער זיך אויפ׳ן טראָטואַר אונטער׳ן גרויסען שוי-פענסטער און וואַרעמט זיך אויף דער זון און קוקט אויף די מענשען, וואָס איילען אַזוי גיך און ער טראַכט זיך:

—וואוהין לויפען זיי? דאָ איז דאָך פאַראַן אַזוי פיל שיינע זאַכען, אַזעלכע מאָדנע צאַצקעס אין די פענסטער. און די טראַמ-

וואַיען, און די קאַרעטעס אָן פערד און מיט פערד...

עס וואונדערט אים פאַרוואָס קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט דעם אַלעם און פאַר אים איז דאָ אַזוי נײַ, אַזוי וואונדערבאַר...

און ער הערט נישט אויף צו טראַכטען, וואוהין לויפען זיי די מענשען, געוויס, זיינען ערגעץ פאַראַן נאָך שענערע גאַסען, נאָך גרעסערע וואונדער... און אַז ער וועט עלטער ווערען, וועט ער זיך אויך דאָרטען אַריינ׳גנב׳נען און אַלץ דערגיין און אַלץ אויסקוקען...

די זון וואַרעמט אים, די מענשען באַמערקען אים נישט, אַלע זיינען אַזוי שטאַרק פאַרנומען און אַזאַ זיסע פוילקייט צעגיסט זיך אין זיינע יונגע גלידער. נאָר פלוצלונג ווערט ער אומרואיג, ווי אַ הונט, וועלכער האָט עפּעס דערשמעקט, זעצט ער זיך אַוועק און קוקט נייגעריג אָן דעם גאַסען-הענדלער, וועלכער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבען אים. אָך, ס׳אַראַ טייערע צוקערקעס ער האָט צום פאַרקויפען, ס׳אַראַ קליינינקע, שיינינקע בויגעלעך. און ער דערמאָנט זיך, דער קליינער לאָבוס, אַז ער האָט אַ קאָפּיקע אין קעשענע, נאָר אים ווילט זיך עס נישט אויסגעבען, ראַנגעלט ער זיך אַביסעל מיט זיך און האַלט נישט אויס. ער נעמט אַרויס די קאָפּיקע און קוקט און קוקט אויף איר, ער הייבט זיך שוין אויף און וויל צוגיין עפּיס קויפען, פאַלט אים אָבער די מטבע אַרויס פון האַנט און אויפ׳ן גאַס דערהערט זיך אַ נייער פריילי‎כער קלונג; עטליכע מענשען קוקען זיך אום, זיי דערזעען די קאָפּיקע און ווילען זיך שוין איינבויגען, איז אָבער דער לאָבוס פלינקער, גיט ער זיך אַ ריס צו זיין קאָפּיקע און שרייט אויס: „מיינע!‟

די מענשען איילען ווייטער, און דער לאָבוס פרייט זיך וואָס זיין קאָפּיקע קאָן אַזוי צוציען; נײַן, ער וועט נישט קויפען קיין צוקערקעס, ער וועט זיך רייצען מיט די מענשען. און ער פאַרנעמט ווידער זיין פּאָזיציע אונטער׳ן שויפענסטער און קוקט אויף די פאַרנומענע דורכגייער, וואָס קיין זאַך באַמערקען זיי נישט און ווי לעם אים גייען פאַרביי עטליכע מענשען מיט

אמאָל, גיט ער דאַן אַ וואָרף פון זיך אויף עטליכע טריט די קאָפּיקע, זיי דערהערן דעם קלאַנג, שטעלן זיך אָפּ, קוקן זיך אַרום און ווילן זיך שוין איינבויגן, נאָר באַלד דערזעען זיי דעם אָפּגעריסענעם אינגעל און זיי דערהערן זיין קול:

מיינע!

ן ער לאַכט פון זיי, דער לאָבוס, און ער וואונדערט זיך וואָס קיין זאַך אינטערעסירט זיי נישט, אויסער זיין קופּערנע קאָפּיקע.

# דער יריד.

יעדען דינסטאָג איז אין קאַזמערזש אַ יריד.

שוין מאָנטאָג ביינאַכט פאָרען זיך צענויף אין שטעטעל פיל פורען פון די אַרומיגע דערפער; אויף די פורען ליגען געבונדענע שעפסען, קעלבער און חזירים. חזירים ברענגט מען מער ווי אַלץ. מען פירט זיי פון איין מאַרק אויפ׳ן צווייטען. זיי ליגען אין די וועגענער מיט די פעטע בייכער אַרויף, פעסט אַרומגעדרייט מיט שטריק און שרייען אַ גאַנצע נאַכט אַזוי, אַז עס דוכט אויס, אַז מען קוילערט זיי שוין...

דינסטאָג אין דער פרי איז דאָס שטעטעל נישט צו דערקענען. די ברייטע מאַרק-גאַס איז אינגאַנצען פאַרנומען: וועגענער מיט אויסגעשפאַנטע פערד, פויערים אין פראָסטע שטרויענע היט און פויערטעס, יונגע און אַלטע, מיט פאַרביגע טיכלעך אויף די קעפּ.

פון גרויסען באַרג, וואָס שטייט, ווי אַ שומר לעם שטעטעל איז דאָס אויסזען פון מאַרק זעהר שיין, אונטען געפינען זיך די ציגיינער מיט די פערד. ס׳אַראַ מאָדנע שפּראַך זיי האָבען דאָס,

די אידישע מעקלערס; זיי שרייען און שעלטען זיך, האַלטען אין איין פּאַטשען איינער דעם צווייטען איבער די הענט, און דער ציגיינער האַלט אין איין שרייען „ניע" „ניע", ביז וואַנען מען באַווייזט אים אַ פּעקעלע דריי-רובל'דיגע; דעמאָלט נעמט ער אַראָפּ דעם צוים פון פערד און טוט אים אָן אַ געוויינליכען שטריקעל.— דאָס געשעפט איז געענדיגט, און די חברה מעקלערס לאָזען זיך באַלד צו צו אַ צווייטען ציגיינער און פּאַטשען ווידער איבער די הענט...

אין אַ באַזונדערן ווינקעל אויפ'ן מאַרק שטייען די טאַנדעט-ניקעס און פאַרקויפען אַלטע קליידער און שטיוועל. עס קומט צו אַ פּויער. ער וויל קויפען אַ פּאָר הויזען. דאַרף ער זיי אָנמעסטען, צי זיי פּאַסען פאַר אים? טוט ער זיך אויס אויפ'ן מיטען מאַרק כמעט נאַקעט ווי אדם...

אידען רייסען זיך אָפּ אַ ווײלע פון געשעפט און ווינקען איינער צום צווייטען:

—וואָס אַן ערל קאָן...

און מען לאַכט... און דער גערויש פון די מענשען, דאָס הירזשען פון די פערד און דאָס קוויטשען פון די חזירים גיסט זיך צונויף אין איין כאָר. ווייט, ווייט הינטערן שטעטעל אויף די פעלדער טראָגט זיך דער הו-האַ. עס קומען צו פאָרען די לעצ־טע פורען פון די ווייטערע דערפער. אויסער דער ברייטער מאַרק-גאַס זיינען שוין פאַרשטעלט נאָך צוויי זייטיגע גאַסען; דער יריד איז אין רעכטען ברען.

ניכעלע די משוגענע שטייט אין פענסטער און קוקט אין די שויבען און זינגט און שעלט; נאָר קיינער הערט זי היינט נישט. די לאָבוסעס זיינען פאַרנומען מיט די פערד אָדער מיט אַ יונגען „ביק", וואָס האָט זיך אָפּגעריסען פון אַ שטריק און איז אַנטלאָפען אין פעלד... אויף דער זייט גאַס, וואָס איז נעענטער צום קאָסציאָל זיצען אויף דער ערד אַ גאַנצע ריי בלינדע און קאַליקעס: איינער שפּילט אויף אַ געגנשלע און די איבעריגע ווינ-גען און צלמ'ען זיך. פאַרקויפט אַ פּויער זיין קעלבעל אָדער אַ חזיר, שענקט ער זיי דאַן אַ פּאָר גראָשען.

די טויבן פון קאָסטיאָל מוזן אַ גאַנצן טאָג זיצן אויפן דאַך, ווייל אַראָפּלאָזן זיך אויפן גאַס איז היינט אוממעגלעך.

אַלע שיינקען זענען איבערפולט. עס טרינקען קליין און גרויס, מאַן און ווייב. אַנדערע ברענגען דאָס פלעשל צום וואָגן, און מען פאַרטרינקט די פאָר גראָשן, וואָס מען האָט נאָר פאַרדינט.

אין די שניט־קראָמען ליגן פונאַנדערגעוואָרפן אַ גאַנצער באַרג צייג און אַנדערע שטראָפן, די דאָרפישע שיקסעס ברענגען צום יריד יאַגדעס, גרזשיבעס און אייער. פאַר דאָס געלט, וואָס זיי נעמען אָפּ דערפאַר, קויפן זיי סטענגעס, שפילקעס און קינסטלעכע בלומען, מיט וועלכע זיי באַפוצן זיך צום „שלוב".

די בעסטע געשעפטן מאַכט פריידל דעם ווזנס; אַ גאַנצן טאָג לאָזט זי נישט אַרויס פון האַנט דעם אייזערנעם אַרשין: די פויערטעס האָבן צו איר פאַרטרויאונג. זי נעמט זיי מיט אירע זיסע ווערטעלעך, מיט אירע לעבעדיקע אויגלעך, וועלכע בלישטשען, ווי צוויי בריליאַנטן. „מאַ־אַ קאָכאַנאַ" — הערט מען נאָר פון איר. זי האָט אַ גוטן קאָפּ, פריידעלע: זי געדענקט יעדערנס נאָמען. זי ווייס פון וואָס פאַר א דאָרף די אָדער די פויערטע איז; זי פרעגט אויס וועגן די קינדער און אַלץ אַזוי ווייך, אַזוי גוטהערציק; זעלטן ווען עס גייט ווער אַרויס פון איר קראָם, נישט קויפנדיק עפּעס.

ביי יודל קרויט, דעם פעלדשער, איז אויך פול. זיין ווייב און זיין שווינער שטייען מיט גרויסע שערן אין די הענט און אַרבעטן אויף די פויערשע קעפּ. פיר גראָשן איז דער מקח פאַר אָפּשערן. אַמאָל שפּאַרט זיך דער פויער איין און וויל נישט געבן מער, ווי דריי גראָשן, דינגט מען זיך און עס קערט זיך וועלטן. יודל אַליין איז פאַרנומען מיט דאָקטאָריע. אין אַווינקל פון גרויסן צימער ליגט אויף דער קאַנאַפּע אַ גרויסער כלאָפּ און קרעכצט, זיין פלייצע איז נאַקעט, און עס בלישטשען אויף איר צוואַנציק גלעזערנע באַנקעס. יודל איז שוין ווידער פאַרנומען: מען דאַרף אַרויסרייסן א פויער א צאָן; זעצט ער אים אַוועק אין מיטן צימער, דערלאַנגט אים אַ שיסל און

האַנט, און ווען דער צאָן איז שוין אַרויסגעריסען, הייסט יודעל דעם פויער שווענקען דאָס מויל מיט וואַסער אין דער שיסעל, וועלכע ער האַלט אין האַנט; דער פויער וויל דאָס נישט טאָן. צו וואָס? דער צאָן איז דאָך שוין אַרויסגענומען, נאָר יודעל ווערט אין כּעס און שרייט אויפ'ן פויער.

דער געוויש אויפ'ן מאַרק דערגרייכט צו זיין העכסטע מדרגה, מענשען שרייען און טומלען. מען קריגט זיך, מען שילט זיך צוליב אַ גראָשען; אַלעמען האָט פאַרכאַפּט דער מסחר און עס דוכט זיך אויס, אַז די גאַנצע וועלט ווערט דאָ פאַרהאַנדעלט; נאָר אין ווינקעל, אין איין אָרט, גייט זיך דאָס לעבען צו, ווי געוויינליך; אין בית-המדרש — עס כאַפּט זיך אַרויס אויפ'ן מאַרק דער אומעטיגער גמרא־נגון און ווערט פאַרפאַלען אין טומעל.

פאַרנאַכט ווערט דער מענשען-קנויל צעשאָטען, די פויערים שפּאַנען איין די פערד, קלייבען צענויף פון דער ערד דאָס ביסעל איבערגעבליבענע „קונעשינע" און הויבען זיך שוין אָן רירען אין וועג אַריין; זיי נעמען מיט פון שטעטעל פאַרשיידענע זאַכען: אייזען, זאַלץ, און אַמאָל אַ טרומנע — אין דאָרף ביי עמיצען איז ווער געשטאָרבען, אָדער עס האַלט ווער דאַביי, דאַרף מען אָנגרייטען...

דאָס שטעטעל, דוכט זיך, אָטעמט פרייער אָפּ. מען קאָן שוין צוגיין צום פּלומפּ און אָנגרייטען וואַסער, מען קאָן שוין אַריינגיין צו אַ שכן. פריידעלעס מאַן לייגט צונויף די פונאַנדערגעוויקעלטע שטיקלעך שטאָף, און פריידעלע אַליין זעצט זיך אַוועק אויפ'ן שוועל און בייסט עפּעס צו נאָך אַ גאַנצען טאָג האָרעווען.

די פורען אַנטלויפען פלינק און פריילך! אַן אַנדער פויער איז שיכּור, נעמט זיין ווייב די לייצעס און טרייבט אָן.

די פּאָרלעך, וואָס שפּאַצירען יעדען אָווענט הינטערן שטעטעל אויפ'ן, ברייטען וועג און אויפ'ן שאָסיי, זייבען הייבט נישט צופרידען. די פורען הויבען אויף אַזאַ גוואַלדיגען שטויב, דאָס מען קאָן פראָסט נישט דורכגיין.

ס׳ווערט פוסט דער מאַרק. בלויז ביי דער פּאָסט ליגען נאָך עטליכע שווערע חזירים, וואָס די היגע מיעשמשאַנעס האָבען איינגעקויפט אויפ׳ן יריד, און זיי ראָיען זיך אין די דבר-אחרים מיט געשמאַק אין ברודיגען זומפּעל, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעטריקענט...

# די נ״ע באראנען.

## קליינע אויגעלעך.

דאַלמאַן איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פריילעכער, לוס-טיגער יונגערמאַן, אַ באַוועגליכער און אַ וויצלער. איך פלעג אים זען אומעטום: אין קאַפע, אין טעאַטער. ער האָט זיך גע-חבר׳ט מיט די יונגע קינסטלער פון מיין שטאָט. אַמאָל פלעגט ער קומען מיט קעשענעס געלט און צאָלען פאַר אלעמען, אַמאָל פלעגט ער זיין, ווי מיר אַלע — זעהר פאַרענגט, ווייל דער טאַטע זיינער האָט מער נישט געוואָלט געבען. קיין אייגענע באַשעפטיגונג האָט ער נישט געהאַט, ער איז געווען „אַ טאַטענס אַ קינד״. שטענדיג ריין און מאָדערן אָנגעטאָן. דער קנייטש אויף די הויזען האָט געמוזט זיין אין אָרדנונג, דער שלייף שיין פאַר-בונדען. נאָר אַז ער פלעגט נעמען אַמאָל אַן איבריגען כוס... דאַמאָלס האָט מען געמוזט פון טיש אַראָפּנעמען די כלים און גייענדיג מיט אים ביינאַכט אין גאַס אין אַזאַ צושטאַנד איז גע-ווען געפערליך; מען האָט אים געמוזט האַלטען פאַר די האַנט,

ווייל די שוי-פענסטער זיינען געווען אין סכנה, ער האָט אַלץ געוואָלט עפּעס צוברעכן, פאַרניכטען.

מיר האָבען אים אַלע ליב געהאַט. ווער האָט עס פיינט אַ גוטען ברודער?

עס איז אָנגעקומען די מלחמה. פינף יאָר האָב איך דאָס־מאָנ׳ען נישט געזען. איך האָב אים אָנגעהייבען צו פאַרגעסען, ווי אַ סך אַנדערע קאָלעגען פון יענע טעג.

קומענדיג צוריק אין מיין שטאָט, בין איך ווידער געזעסען אין דער אַמאָליגער קאַפע. די קעלנערס זיינען כמעט די זעלבע, די מאַלעריי אויף די ווענט די זעלבע, די מוזיק שפּילט די זעלבע מעלאָדיעס פון פאַר דער מלחמה... יאָ! געווען אַ צייט אַ טייערע פאַר דער מלחמה. מיר האָבען אַליין נישט גע־וואוסט, אַז מיר זיינען אין גן-עדן... איצטער איז אַביסעל אַנ־דערש.

די מענשען, די פּנים׳ער—אַלץ נייע, פרעמדע געזיכטער. וואו זיינען זיי אַלע פאַרשוואונדען, די איינגעהאַלטענע יונגע-לייט, די באַשיידענע פריילינס? איך קוק זיך אַרום איך באַטראַכט דעם עולם, מענשען מיט בריליאַנטען, בריליאַנטענע שפּילקעס אין די שליי־פען, בריליאַנטען אויף די פינגער, גאָלדענע פאָרטציגאַרען, גאָל־דענע זייגערס. און ווי מיאוס זיי זיינען. זיי קאָנען דאָך קיין מעסער-גאָפּעל נישט האַלטען אין האַנט.

דערביי רעדט מען אַזוי הויך, העזה׳דיג, אָדער מען שוש־קעט זיך ווי גנבים, און די קעלנער לויפען און ברענגען אַלץ נייע שפּייזען און ווינען. ניין, פריער פלעגט מען גאָר אַזוי פיל נישט עסען.

דאָס, וואָס דורות האָבען לאַנג אויסגעהאָדעוועט אין באַ־גיין זיך, האָבען דאָס די נייע פּאַליעס אין איין יאָר פאַרטרונ־קען און פאַרניכטעט. אַ קאַפע ווי די, וואו איך זיץ איצט, איז פריער געווען, ווי אַ טעמפּעל פון פריילעכקייט.

און איצט די קעלנער! זיי האַלטען זיך מיט דידאָזיגע געסט גאָר אַנדערש, ווי אין אַמאָליגע טעג. זיי קוקען אויף זיי פון אויבען אַראָפּ און אויב זיי בויגען זיך פאַר די אויפגע־

קומענע, איז דאָס אַזוי עקעלהאַפטיג.

ס'אַראַ פּנים'ער... דורשטיגע אויגען, גאָלדענע ציין. די נייע קליידער האָבען נאָך נישט באַוויזען זיך איינצולייגען אויף זייערע אומגעלומפּערטע פּלייצעס.

אַנטקעגען מיר זיצט די גאַנצע צייט אַ מענש—דיק, ווי אַ פּאַס און עסט און עסט...

ער קוקט נישט אויף קיינעם, נאָר ביי זיך אין טעליער. די הענט זיינען ביי אים פעט, דער קאַרג—פעט, דער גאַנצער גוף וויגט זיך אין פּאַליעס פון צוגעוואַקסענעם פלייש און ער עסט און עסט.

און אָט האָט דער דאָזיגער נפש איינגעהאַלטען אויף אַ רגע די באַוועגונגען פון זיין גאָפּעל און אויפגעהויבען אויף מיר אַ פּאָר קליינע אויגעלעך.

פּיטשינקע אויגעלעך, ווייל אַרום זיינען זיי פאַררינגעלט מיט פעלדלעך פון פונאַנדערגעשוואומענעם פעטס. מען וואָלט לאַנג באַדאַרפט קוקען, אום צו דערגיין, וועלכע פאַרב די דאָזיגע אויגעלעך האָבען.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און באַלד זיך ווידער גענומען צום טעלער, דערנאָך צו דער פלאַש, דערנאָך צו דער סערוועטקע.

מיין אַנטקעגען-זיצען האָט אים אַזוי ווי אומרואיג געמאַכט.

מיר האָבען זיך גענומען אָנקוקען. עס האָט געדויערט אַ מינוט צען ביז מיין שכן האָט זיך צוזאַמען מיט'ן שטול אָפּגערוקט פון טישעל, לאַנגזאַם זיך אויפגעהויבען און וויגענדיג זיך אויף צוויי קלעצער, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר...

—דאַכט זיך, איך האָב קיין טעות נישט, איר זייט, דו ביסט...

—יאָ, איר האָט געטראָפען.

—איך בין דאַכמאַן, דו דערקענסט מיך נישט.

דאַכמאַן! אַ פאַרגאַנגענע וועלט האָט גענומען שוועבען פאַר די אויגען... דאָס איז דאַכמאַן! אָט דאָס דאָזיגע שטיק פלייש! און איך האָב זיך געמוזט מיט דעם שטיק פלייש צוקושען. מיר

זיינען דערנאָך געזעסען ביי איין טישעל און געטרונקען פון איין פלאַש.

דאַכמאַן! איך האָב זיך נאָכאַמאָל פאַרוואונדערט און ווידער געטראַכט פון דער פאַרגאַנגענהייט: איינמאָל ביינאַכט זיינען מיר שפּעט אַרויס פון אַ נאַכט-רעסטאָראַן. עס זיינען אויך מיט אונז גע-ווען פרויען, האָט זיך איינע אָנגערופען צו דאַכמאַנ׳ען:

—קריך אַרויף אויף דעם טעלעגראַף-סלופּ!

און עס האָט נישט געדויערט. דאַכמאַן איז געקראָכען און איז אַרויפגעקראָכען גאַנץ הויך... אָט די פּאַס, אָט דער שווערער שמאַלציגער האַרמאַט...

ער האָט מיר דערציילט, אַז דער טאַטע זיינער איז גע-שטאָרבען און ער אַליין האָט עפּעס געמאַכט גרויסע געשעפטען, מען האָט סחורה פאַרמויערט אין די ווענט און געמאַכט דער-נאָך פון זיי מיליאָנען...

און איצטער קומען שוין די מיליאָנען אַליין.

איך בין געזעסען אַ לאַנגע צייט און געזוכט זיינע אויגען. פון וויין זיינען זיי נאָך קלענער געוואָרען.

איצטער זע איך אים אָפט. צו-פוס גייט ער זעלטען, עס איז אים, נעבעך, שווער, דער האַלז זיינער ווערט אַלץ ברייטער, דער גוף—דיקער. נאָר די אויגעלעך, זיי קריכען אַלץ טיפער אין קאָפּ אַריין און אַרום זיי לייגען זיך אַזעלכע ווייכע הויטיגע קישעלעך.

ער קומט אויך אין טעאַטער אָפט, אויף קאָנצערטען, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרט זוכען זיין פאַרגאַנגענהייט...

און שפּילען שפּילען דאָך אַנדערע, זינגען זינגט אַן אַנדע-רער, נאָר ער, דאַכמאַן, איז אויף זיין שטול אַזאַ פאַרמאַטערטער, שווייס גיסט זיך פון אים. ווי נאָר עפּעס, שוויצט ער.

דערנאָך ווען אַלע גיין אַרויס פון טעאַטער, איז אים, נעבעך, אַזוי שווער דורכצוגיין. אַלע באַוועגען זיך לייכט און ער בלייבט שטיין אין געראַנגעל פון מענשען נישט אַהער, נישט אַהין...

—וואָס פאַרצוימט איר דעם וועג?—פרעגט איינער ביי אים און איידער דאַכמאַן ענטפערט, וואַרפט שוין ווער פון עולם אַ וויץ:

—דו זעסט נישט? אַ פּאַס!

אין אַ שײנעם טאָג װעט פֿון אַזאַ דאַכמאַן װערען אַ פֿול־קום פֿאַרמאַכטע װעלט. די קלײנע אױגעלעך װעלען אײנגאַנצער פֿאַרשװאונדען װערען פֿון פּנים, און ער אַלײן װעט האַלב ליגען און האַלב־זיצען אױף אַ שטול און עסען און עסען...

## II.

### גרויסע אויגען.

בערעזאווצקי׳ן האָב איך אויך געקענט פון פאַר דער מלחמה. דאָס איז געווען עפּעס שלים-מזל אַ וואָיאַזשאָר. בעת אַלע זיינען געפאָרען קיין טיף-רוסלאַנד און געמאַכט גלאָדענע געשעפטען, פלעגט ער קומען אַ צעבראָכענער, אָן פּדיון, אָפט פלעגט מען אים נאָך אין וועג באַ׳גנב׳ענען.

איצטער איז ער אַ גאַנצער קנאַקער, אַ מיליאָנער.

נאָר ער זעט אַלץ אַזוי שלעכט אויס. אין האַלז ציטערן די גרויסע אָדערן, פּונקט, ווי דער קאָפּ וואָלט ביי אים געווען מיט שטריק צוגעבונדען. עטליכע הערעלעך האָבען נאָך די אַלטע אַכסניה אויף זיין קאָפּ. די הענט זיינען דאַר און לאַנג. אַלע אָדערן זעט מען אויף זיינע הענט. אויף די טויטע בלייכע פינגער בליצט אַ גרויסער ברילליאַנט און די אויגען פליען הין און צוריק.

גייט ער אויף דער גאַס, שטעלט מען אים יעדע רגע אָפּ.

—בערעזאווצקי, איר קויפט?...

—בערעזאווצקי, פערקויפט...

און ער גלאָצט שטענדיג אַביסעל צוטומעלט מיט די אויגען:
— האַ! וואָס?

ער האָט אַזעלכע גרויסע אויגען, ווי אַ פּאָר צושראָקענע פויגעל, וועלכע גרייטען זיך אַוועקצופליען.

ער האָט געמאַכט מיליאָנען, נאָר פון דער אַלטער קבצנות איז ביי אים געבליבען אַ גרויסע קמצנות. ער טראָגט נאָך בגדים פון יענע צייטען, פון פאַר דער מלחמה און דער בריליאַנט אויף זיינע פינגער—דאָס טראָגט ער גישט צוליב פוץ; דעם בריליאַנט וויל ער פאַרקויפען און באַלד קויפען אַ צווייטען. ער קויפט און פאַרקויפט כּסדר. נאָר דער עיקר איז ביי אים וואַלוטע. ער לויפט אויף דער בירזשע און האָרכט זיך איין צו יעדען קלאַנג. נאָר שטענדיג איז ער אומצופרידען. פאַרוואָס האָט ער פאַרקויפט די פונטען? ער וואָלט דאָך געקענט פאַר זיי איצט מער נעמען. אַי, וואָס ער האָט געקויפט פאַר דעם געלט דאָלאַרען און פון זיי נאָך מער פאַרדינט? יאָ, דאָס איז טאַקי אַזוי, נאָר די פונטען האָט ער נישט געטאָרט פאַרקויפען. מיט „דומסקע“ איז ער אַריינגעפאַלען און דאָס גאַנצע לעבען וועט ער שוין אויף דעם אָפּקלאָגען. ער האָט געהאַט „ניקאָלאַיעווסקע“, האָט ער זיי אויסגעביטען אויף „דומסקע“, ליגען דאָך די „דומסקע“ אין דער ערד און ווען בערעזוויצקי גיט אַ זיפץ, ווייס מען שוין, אַז ער וועט באַלד אָנהייבען ריידען וועגען זיין אומגליק, וועגען די „דומסקע“.

— צוליב וואָס האָב איך עס פאַרקויפט? צוליב וואָס!

דעם מענשען איז אַלץ ווייניג. הערט ער, אַז עמיצער וויל פאַרקויפען אַ הויז, קומט ער באַלד צולויפען און האַנדעלט עס אויס.

קויפט ווער אַ רינג, אַ זייגער, רוקט ער באַלד אַריין זיין לאַנגע נאָז און פרעגט:

— וויפיל קאָסט עס?

קומט ער אויף אַ „קאָלאַציע“ צו ווּעמען, שטייט אַ פלאַש וויין אויפ׳ן טיש, נעמט עס באַלד בערעזוויצקי אין האַנט אַריין, באַטראַכט דעם עטיקעט, גיט אַ שמעק און פרעגט:

— וויפיל קאָסט עס?

ער שפילט אַמאָל אין קאָרטען. פּלאַצען זיינע פּאַרטנערען פון אומגעדולד און ער זיצט און באַרעכענט אַליין און ציטערט אויף אַ גראָשען, און בעת מען טרייבט אים-צו, שרייט ער אויס מיט גרעסטען כּעס:

— עס קאָסט מיר שוין אַזוי פיל...

נאָר פאַרוואָס זעט ער אויס אַזוי, ווי אַ בן-מות. די אויגען קריכען אים פון קאָפּ אַרויס. אַזעלכע גרויסע קרענקליכע אויגען. וואָס פעלט אים, דעם מיליאָנער?

אַ גוטער באַאָבאַכטער וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז פון קנאה: עס זיינען פאַרהאַן אין שטאָט נאָך מיליאָנערען, און יענע האָבען אויך פּאַפּירען און ברילאַנטען. אויף דער „בערזע" זיינען פאַראַן אַזוי פיל דאָלאַרען, פונטען און אַקציעס, מיליאָנען, מיליאַרדען... בערעזאָווסקי קאָן זיך נישט אָנזעטיגען:

ווען ער וואָלט, אָנשטאָט די „דומסקע", דעמאָלט געקויפט דאָלאַרען, אָדער אַפילו פראַנקען, וואָלט ער דאָך איצט געווען אַ מיליאַרדער, נישט קיין מיליאָנער.

ווען ער וואָלט דעמאָלט...

ווען ער וואָלט דעמאָלט...

אַמאָל ליגט ער אַזוי אָפּ גאַנצע נעכט און שלאָפט נישט און פאַרשעלט די רגע, בעת ער האָט פאַרקויפט די „ניקאָלאַיעווסקע", און בעת ער שלאָפט שוין איין, חלום'ען אים זיך גאַנצע בערג מיט אַקציעס, דאָלאַרען, פונטען און יעדע רגע רוקט זיך צו אַ פינגער מיט אַ גרויסען ברילאַנטענעם רינג און בערעזאָווסקי פרעגט אין חלום:

—וויפיל קאַראַט?

—וויפיל קאָסט עס?

אינדערפרי שטייט ער אויף אַ בלייכער, די פּאָר הערעלעך אויף זיין קאָפּ האָבען זיך משונה'דיג צעפלאָנטערט; די אָדערען אויף זיינע הענט זעען זיך נאָך דייטליכער, דאָס בלוט אין אים איז בלייך, טויט...

ער לויפט אויף דער בערזע. ער האָט עפּעס וויכטיגע

פלענער און די אויגען זיינע זיינען שוין אויף דער צענטער גאס. זיינע גרויסע אויגען.

די גאנצע שטאט—אלץ מיט אלעמען וואלט ער איינגע-שלונגען. ער שווימט ארום צווישען די מענשען מיט זיינע גרויסע אויגען, דערקענט ער שוין ביי יעדען, וואס יענער האט צום פארקויפען און וויפיל ער וויל, נאר פון אלט-געוואוינהייט פרעגט ער נאך איבער:

—וויפיל קאסט עס?

און ער קויפט און פארקויפט און ווייסט שוין די צאל נישט פון זיין געלט.

אמאל אבער גלאצט ער אויס די פאר גלעזערנע אויגען און קוקט ווי א בר-מינן...

איך וואלט שווערען: ער טראכט פון די „דומסקע", וועלכע ער איז זעהר, זעהר דורכגעפאלען.

# משוגע צוליב געלט.

איצט פאַרגעסט מען שוין, אַז פריער האָט ער געהייסען משה׳ל, היינט רופט מען אים: מאָריץ, „פאַן מאָריץ״, אָדער מאָריץ צעדערבוים. ער איז פריער געווען אַ געוויינליכער משרת אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און פאַרדינט האָט ער ביז פופציג רובל אַ חודש. מיט דעם געלט איז אים זעהר שווער געווען צו ווערען אַ לייט.

אויף עסען האָט ער געהאַט, נאָר עס האָט זיך אים געוואָלט ווערען אַ מענש מיט מענשען גלייך.

די קאַפּאָטע האָט ער אויסגעטאָן. און עס איז ביי אים צוגעקומען אַ גרויסער חלום: ער האָט געוואָלט קויפען אַ פּאָר לאַקירטע שיך. גאָט ווייסט, וואָס דער מענש האָט אָפּגעשפּאָרט, נאָר זיינס האָט ער דערגרייכט. ער האָט אָנגעטאָן אויף זיינע פיס אַ פּאָר לאַקירקעס און די נשמה האָט אים געלויכטען פון פרייד און די פיס האָבען געגלאַנצט. מיט אַ טיכעלע פלעגט ער פאַרבאָרגענערהייט אַראָפּשאַרען דעם אומגעבעטענעם שטויב פון זיינע גלאַנציגע שיך.

אַ שוך באַדאַרף גלאַנצען...

און דערצו נאָך אַ לאַקירענער שוך...

ער האָט אויך געהאַט נאָך חלומות, אַנדערע צילען, הויכע, ווייט-גייענדע. ער האָט גע׳חלומ׳ט... נאָר דאָס איז דאַן געבליבען בלויז אַ חלום: ער האָט זיך געוואָלט קויפען אַ זילבערנעם פּאַרטסיגאַר.

אַ זילבערנעם פּאַרטסיגאַר.

מיט מאָנאָגראַמען וואָלט ער עס באַפּוצט...

און ער האָט זיך אַלץ פאָרגעשטעלט אין פאַנטאַזיע, ווי דאָס וואָלט אויסגעזען:

—פּאַניע! איר רויכערט? און עפענט אויף זיין זילבערנע קעסטעל און לייגט פאָר אַ פּאַפּיראָס...

איצט איז פון משה׳לען געוואָרען „מאָריץ". און דער מאָריץ האָט זיך גענומען אָפּטער ראַזירען. דערנאָך איז ער געגאַנגען אין טאַנץ-קלאַס און באַקאַנט זיך מיט מיידלעך. די לאַקירענע שיך האָבען אים אַריינגעפירט אין אַ נייע וועלט, נאָר איין אומגליק האָט ער געהאַט. ער האָט ווייניג פאַרדינט, ער האָט געוואָלט בעסער לעבען און זיך גוט איינאָרדענען...

אָבער צוליב אַ פּאָר לאַקירענע שיך האָט ער דאָך באַדאַרפט אַזוי קאַרגען.

האָפנונגען צו נעמען אַ סך נדן האָט ער נישט געהאַט, כאָטש די לאַקירקעס האָבען געגלאַנצט, נאָר אַלע האָבען געוואוסט, אַז די קעשענעס זיינע זייִנען פּוסט. פאַרליבען זיך אין אַ רייך מיידעל? האָבען אים דאָ געשטערט זיינע זומער-שפּרענקלעך אויפ׳ן געזיכט און דער געלער קאָפּ האָר.

אונזער מאָריץ צעדערבוים איז געווען אַ געלער און מיידלעך האָבען נישט ליב קיין געלע...

איז ער געווען ביי זיך זעהר געפאַלען און מיט טרויעריגע אויגען האָט ער געקוקט אויף זיין צוקונפט.

געלט האָט ער געוואָלט האָבען! ווען ער וואָלט כאָטש געהאַט רייכע קרובים, אַלטע גבירים... ניין! קיין האָפנונג איז נישט געווען. אפשר חתונה האָבען מיט אַן אַלטע מויד? מאָריץ האָט זעהר פיל

געטראַכט פון דעם און ווער ווייס, ווען אַזאַ צופאַל וואָלט זיך געמאַכט.

ער האָט שוין עטליכע מאָל געפּרובט מאַכן אַליין נעשעפ־טען פון אָפּגעשפּאָרטע פּאָר גילדען.

עס איז נישט געגאַנגען...

און די ערשטע פּאָר לאַקירקעס האָבן זיך צעריסען. מען באַדאַרף קויפען אַ ניי פּאָר.

פּאַלט מיט אַמאָל אַראָפּ פון הימעל די מלחמה, ממש פון הימעל אַראָפּגעפאַלען. דער פּרינציפּאַל זיינער איז אַוועקגעלאָפען ראַטעווען געלט אין מאָסקווע, חובות, וועקסלען.

עס איז געוואָרען אַזאַ טומעל אויף דער וועלט. אַ סך ריי־כע פאַבריקאַנטען האָבן באַנקראָטירט. די, וואָס האָבן נעכטען געלעבט אין רואיגקייט און רייכקייט, האָבן גענומען לויפען באָר־גען געלט.

די וועלט האָט זיך איבערגעקערט. צעדערבוים׳ס בעל־הבית מיט דער גאַנצער וועלט... נאָר צעדערבוים אַליין האָט זיך גאַנץ רואיג באַטראַכט די לאַגע: עס קומט אַ צייט, ווען מען וועט קאָנען עפּעס אויפטאָן... אויף די גאַסען זיינען געגאַנגען הונדער־טער פאָלקען סאָלדאַטען, פערד האָבן געהירזשעט, פון די שלאַכט־פעלדער זיינען אָנגעקומען בלוטיגע בשורות.

און צעדערבוים האָט עפּעס גערעכענט..

פון זיין בעל־הבית, פון מאָסקווע, האָט ער באַקומען אַ בריו־פעל פאַרקויפען די סחורה און קויפען נייע.

און צעדערבוים האָט גענומען פירען דעם בעל־הבית׳ס גע־שעפטען, וועלכער האָט געהאַנדעלט מיט זאָקען. און זאָקען האָ־בען זעהר געשטיגען. מאַריץ האָט פאַרדינט אַביסעל געלט און איז אַוועק האַנדלען אויף אייגענער ריזיקע. אַ שטיקעל פאַכמאַן איז ער געווען און די צייט איז געווען אַזאַ. מען האָט באַדאַרפט עפּעס טאָן און געלט איז אַליין אַריינגעשוואומען אין קעשענע.

דער געוועזענער משרת איז געוואָרען אַ מיליאָנער. די מיל־יאָנען האָבן אים איינגעשלונגען, ווי פאַליעס פון אַלע זייטען. האָט ער זיך געקויפט און איינגעאָרדענט אַ שיינע וואוינונג.

אויסערליך האָט דער מענש זיך איינגאַנצען געביטען. דער ראַזירער און דער שניידער האָבען אונזער מאָריצ'ן אויסגעפּוצט, ווי אַ לאָרד. נאָר דער לאָרד איז נאָך אַלץ געווען אַ געלער...

און דעם לאָרד האָבען פיל מאָל צוגעפעלט ווערטער צו ריידען.

פריער האָט ער געהאַט אַ באַגרעניצטען לעקסיקאָן, די זאַקען האָבען קיין סך רייד נישט געפּאָדערט. מיט זיינע סוחרים פלעגט מאָריץ ריידען אויף זייער לשון, מיט וויצען, מיט קורצע קאַטעגאָרישע פראַזען:

—געפעלט אייך, נעמט צו די פאַרטיע זאָקען, מאָרגען וועל איך פאַרלאַנגען דאָפּעלט.

איצט האָט מאָריץ צוליב זיין געלט באַקומען נייע באַקאַנטע. ער ווערט אויפגענומען אין עטליכע אינטעליגענטע הייזער פון אָפּגעקומענע גבירים און דאָרטען פאַרפעלט מאָריצ'ן צונג. נישט אַלץ, וואָס זיי ריידען, פאַרשטייט ער און ווער רעדט נאָך, אַז אַמאָל פאַלט אריין אַ פראַנצויזישע אָדער אַן ענגלישע פראַזע, דעמאָלט ווערט מאָריץ ביי זיך איינגאַנצען אויס. די אויסלענדישע שפּראַכען וואָלט ער זעהר וועלען קענען. אַז מען רעדט אויף אַ פרעמדער שפּראַך, איז מען גאָר אַן אַנדער מענש, עפּעס אַ יחסן אַ גאַנצער.

אָן לשון פאַרלירט מען דעם גאַנצען הומאָר.

—לערן זיך,—האָט אים אַ חבר געראַטען—געלט האָסטו, צייט האָסטו.

—איצטער זיך לערנען?—האָט מאָריץ געקוועטשט מיט די פּלייצעס—אַביסעל צו-שפּעטליך. אָט ווען איך וואָלט געקאָנט אַזוי מאַכען: באַצאָלען אַזאַ קונצענמאַכער אַ פופציג טויזענט מאַרק—עס זאָל אַריינלויפען אין איין אויער פראַנצויזיש און אין צווייטען אויער ענגליש... איך וואָלט זיך גאָרנישט געדונגען, איך וואָלט געגעבען נאָך מער געלט.

אַלץ וואָלט ער אָפּגעקויפט פאַר געלט.

נאָר ער פאַרשטייט נישט, ווען עפּעס לאָזט זיך נישט קויפען...

פון קיין רייכען שידוך טראַכט שוין נישט מאָריץ. ער באַ־יאַרף עס שוין נישט און זוכען זוכט ער אַ געבילדעטע מיידעל. נאָר די אַלע געבילדעטע רוקען זיך סוף־כל־סוף אָפּ פון אים. נישטאָ מיט אים וועגען וואָס צו ריידען. אָט, ווען יעדער פון זיי וואָלט וועלען אויסהערען, ווי אַזוי ער האָט געמאַכט זיינע מיליאָנען, וואָלט עס פאַר אים געווען לייכט צו דערציילען. נאָר די מעשיות מיט די זאַקען אינטערעסירט קיינעם נישט און מאָריץ צעדערבוים האָט נישט מיט וואָס צו אימפּאָנירען...

ער האָט זיך גענומען קויפען ביכער, בילדער, נאָר פיל מאָל ברייגגט עס צו קאָמישע סיטואַציעס: ער האָט געקויפט זעהר אַ שיין בילד, דאָס איז געווען אַ לאַנדשאַפט פון קרים. אַ ריי שפּיציגע קיפּאַריסען שטייען אויף אַ בערגעל ביים סאַמע ברעג פון ים און אַלץ אַרום: די הויכע בוימער מיט׳ן שטיק הימעל, עטליכע ווייסע וואָלקענס,—אַלץ אַרום שפּיגעלט זיך אין ים. מאָריץ האָט אָבער דאָס בילד אויפגעהאַנגען מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ, ווייל ער האָט נישט אונטערשיידט די אמת׳ע וואָלקענס פון די, וועלכע שפּיגלען זיך אין וואַסער.

אין אָוועגט זיינען געקומען צו אים געסט פון די „בעסערע מענשען", ווי ער פלעגט זיי רופען, און דער עולם האָט גענומען שמייכלען:

—דאָס בילד הענגט דאָך קאַפּויער!

מאָריץ האָט דערנאָך אַ נאַכט נישט געשלאָפען:

—אויף זאָקען בין איך אַ גרעסערער מבין, צום טייוועל!—אַזוי האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט פון דעם אַ סך געליטען, אַזוי פיל געלט אויסגעגעבען איינצוואָרדנען זיך און דאָ קומען זיי, די חברה, און קריטיקירען.

—נישטאָ קיין סטיל!

וואָס איז דאָס אַזוינס סטיל? וואָס איז דאָס „סטיל?" וויפיל ער האָט נישט געפרעגט בסוד, וויפיל מען האָט אים נישט ערקלערט. ער האָט ביי זיך באַשלאָסען, אַז ער וועט שוין אַזוי שטאַרבען און נישט וויסען, וואָס דאָס איז אַזוינס „סטיל".

פאַרפאַלען...

אַזוי אין אַלגעמיין, איז ער זיך אַ גאַנץ ליבער יונגער־מאַנטשיק מיט אַ גוט האַרץ, העלפט חברים, כאָטש ער האָט ליב מיט דעם זיך צו באַרימען. ער האָט זיך שוין שטאַרק איינגע־לעבט אין זיין נייער לאַגע. ער איז שוין צוגעוואוינט געוואָרען צו אַ סך באַקוועמליכקייטען, צו די שטעק-שיך, צו אַ ווייכען שטול, צו שלאָפען נאָכמיטאָג. און קליידער האָט ער געמוזט טראָ־גען פון בעסטען שטאָף, שקאַרפעטען זיידענע, לייכטע ווי אַ פעדערל. זאָל גאָט אויסהיטען, אַז זיינס אַ סקאַרפעטקע זאָל ווע־גען מיט אַ דראַכמע מער... די איידעלע פיס זיינע וואָלטען עס נישט אויסגעהאַלטען. געטרונקען און געגעסען האָט ער לאַנגזאַם.

—דער גביר וואַקסט אין אים אויך אינעווייניג — וויצלען זיך זיינע באַקאַנטע.

נאָר מאָריצ׳ן ווערט עפּעס לאַנגווייליג זיין לעבען אָפטמאָל.

—וואָס טוט מען?

—האָב חתונה!—ענטפערט מען אים.

—די, וואָס געפעלען מיר, אַנטלויפען פון מיר.

איינער האָט אים געראָטען, ער זאָל זיך לערנען פידעל שפּילען. מאָריץ האָט טאַקי פון קינדווייז אָן גע׳חלומ׳ט פון דעם. גערעדט און געטאָן.

ער האָט געקויפט אַ פידעל, צוגענומען אַ גוטען לערער און גענומען סקריפּען...

אַ טאָג, צוויי טעג, אַ וואָך. עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. מאָריץ האָט זיך דערשראָקען:

—וואָס? מיין גאַנץ לעבען וועל איך אַזוי אָפּסקריפּען. דאָס פידעל איז עפּעס גאָר אַ טיפע באַשעפעניש,—ווי קריכט מען אַריין אין איר נשמה? דאָס פידעל... ס׳איז גאָרנישט ווי מיט מיינע זאָקען.

ער האָט אַוועקגעוואָרפען דאָס פידעל און איצט שפּילט ער קלאַוויר.

נאָר פון אַלע סאָנאַטען, קאָנצערטען, פון אַלע געניאַלע ווערק, האָט ער זיך אויסגעקליבען איין זאַך.

ס׳איז פֿאַראַן אַזאַ רוסיש לידעל:

„טשיזשיק, טשיזשיק, גדיע טי ביל?״

און ווער עס זאָל צו אים נישט אַריינקומען, יעדען איז ער מכבד מיט זיין אויסגעווײלטע מעלאָדיע. ער איז דער גליק־לײכסטער אין דער וועלט, ווען ער נעמט זיך אויספּויקען מיט איין פינגער זיין „טשיזשיק״.

ער האָט אַרייגעלייגט אין דעם נגון די גאַנצע יניקה פֿון זיין ליידיג־גיין. אין גוטע אינטימע שעה׳ן ציט ער זיך אויס אין זיין וויג־שטול און די שטול שטייט אַנטקעגען קלאַוויר. די שיך טוט ער אויס און באַטראַכט דערוויל זיינע זיידענע, זיינע דינענקע סקאַרפּעטען...

דערנאָך...

דערנאָך נעמט ער זיך מיט אַ פוס אויסקלאַפּען די מע־לאָדיע:

„טשיזשיק, טשיזשיק, גדיע טי ביל?״

מיט׳ן פוס — ווייל פּאַרוואָס טאַקי שטענדיג מיט׳ן פינגער, די פיס ווילען אויך שפּילען.

און מאָריץ קלאַפּט מיט די קלאַווישען און הילכט איבער׳ן גאַנצען הויז, עס גייט אַוועק אויפ׳ן הויף.

קומט אַריין אַ באַקאַנטער, דערזעט ער, מיט וואָס פאַר אַן אַזאַרט אונזער מאָריץ שפּילט, כאַפּט זיך יענער, אַז מאָריץ איז אַ קאַנדידאַט אויף אַ משוגענעם.

נאָר מאָריץ גיט זיך נישט אונטער:

— גיב נאָר אַ קוק, אַ פּראָסטער געוויינליכער פוס און קלאַפּט אויס אַ מעלאָדיע.

און נאָך אַמאָל צוגיסט זיך דער „טשיזשיק״.

די שכנים וויסען שוין, ווער עס שפּילט דאָרט אויף דעם צווייטען שטאָק.

— האַ, האַ!

ער, „טשיזשיק״ שוין, דער ליידיג־גייער...

# דער „פּאַמידאָר".

דאָס איז געווען אַן אַלטע פאַמיליע, אַ יחסנדיגע פאַמיליע. אַ פאַרשלאָסען הויז מיט אַראָפּגעלאָזטע גאַרדינען, מיט אַ פעסט־צוגעמאַכטער טיר. זומער פלעגען זיי ערגעץ פאַרברייגגען אין אויסלאַנד אין די בעדער.

—די ניסינס זיינען שוין אַוועקגעפאָרען.

—די ניסינס זיינען שוין צוריקגעקומען.

אַזוי פלעגען די שכנים איבערגעבען וועגען זיי.

די ניסינס אַליין זיינען שוין אַלט געווען. געהאַט האָבען זיי אַ טאָכטער מיט אַ זון, וועלכע האָבען כסדר שטודירט און איין גאָט האָט געוואוסט, וועלכע תורה זיי ווילען סוף־כל־סוף דערגרייכען. די טאָכטער איז געווען נישט זעהר יונג. שכנים האָבען גערעדט, אַז עס גייט אין יחוס. מען קאָן זיך נישט צוקלויבען קיין פאַסיגען שדוך. אַ דינסט איז דאָרט שוין געווען פון קדמונים, זי איז איבערגעגאַנגען צו זיי בירושה צוזאַמען מיט די אַלטע מעבעל, מיט די אַלטע גאַבעלענען און בילדער.

דאָס הויז איז געווען רייך באַפּוצט. אומעטום בראָנז און

דיוואַנען, שווערע דעמבענע טישען, אַלט-פראַנקישע שאַפעס, קאַנ-
דעליאַברעס. ביי אַ יום-טוב פלעגט מען אַרויסנעמען זילבער און
קריסטאַל. געחבר׳ט האָבען זיך די ניסינס מיט זעהר ווייניג
מענשען, מיט געציילטע און אויסגעוויילטע יחסנים, אַזוי ווי
זיי אַליין זיינען געווען.

דער סטרוזש פון הויז האָט געהאַט אַ פּראָסטען הויף-הונט
און די ניסינס האָבען אויך געהאַט אַ הינטעל, אָבער אויך אַ יחסן
פון אַן ערגלישער ראַסע, מיט אַ גלאַטען פעל און געהייסען האָט
זייער הינטעל: „לעדי" און אַ טראַגעדיע איז געווען בעת דעם
סטרוזש׳ס הונט „צוואַניאַק" פלעגט זיך אַריינכאַפּען צו ניסינס „לע-
די". די אַלטע פלעגט דאַמאָלס שרייען און רופען:

—„לעדי!" „לעדי". און אַלע באַוואָפענט מיט שטעקענס
און אַנדערע כלי-זיין פלעגען דעם סטרוזש׳ס הונט פאַריאָגען. עס
איז געגאַנגען אין יחוס: אַ סטרוזש׳ס הונט טאָר זיך נישט חבר׳ן
מיט זייער „לעדי".

און דערנאָך פלעגט נאָך די „לעדי" באַקומען איר גאַב,
עטליכע טעג נאָכאַנאַנד זיינען געפאַלען אויף איר בייזע בליקען.

דער זון, אַ בלאָנדער יונגערמאַנטשיק, מיט לאַנגע עדעלע
פינגער, פלעגט נאָר הערען, וואָס יענער רעדט; אַליין האָט ער
געשוויגען און זיך געשפּילט מיט זיין בלאָנד בערדעל. אין שטוב
איז געווען אַ ביבליאָטעק און ער פלעגט פון די ביכער נישט
אַוועקגיין.

די טאָכטער איז געווען אַ בייזע. פלעגט עמיצער אַ פרעמ-
דער זיך באַווייזען ביי זיי, האָט זי זיך שטענדיג געקרימט און
געמורמעלט:

—וואָס קריכען זיי דאָ?

די אַלטע פאַני ניסין האָט שוין געהאַט אַ גרויען קאָפּ, נאָר
האָט זיך אַביסעל צוגעפוצט, כאָטש גאַנץ באַשיידען. זי האָט
עס גיכער געטאָן צוליב איר יחוס. די ניסינס באַדאַרפען האַלטען
אַ טאָן.

אין „הויז" האָט זיך געלעבט רואיג און געלאַסען. עס איז
געווען אַ „רענטע". פון די ביינק פלעגט מען נעמען פּראָצענטען.

די טענער פון קלאַוויר, זיי אַליין פלעגען אָנזאָגען, אַז אין „הויז" לעבט מען ווי לייטען, אַז קיין זאַך פעלט נישט, אַז דאָס „הויז" איז נישט קיין געוויינלעך הויז. די ניסינס לעבען דאָ. מיט אַמאָל...

די מלחמה האָט זיי געטראָפען אין „באַד", אין אויסלאַנד. זיי זיינען קוים מיט'ן לעבען געקומען צוריק קיין וואַרשע. די טשעמאָדאַנעס די לעדערנע מיט די שיינע פלעדען זיינען ערגעץ דאָרט פאַרבליבען אין עסטרייך, צי אין דייטשלאַנד.

זיי זיינען געלאָפען צו זיך אין „הויז".

געקומען זיינען זיי קיין וואַרשע, בעת אויף די גאַסען זיינען טאָג און נאַכט געגאַנגען די „מאָסקאַלישע" זעלנער. טאָג און נאַכט, טויזענטער און צענדליגער טויזענטער האָבען זיי זיך געשאָטען, די גרויע שינעלען, צופוס און אויף פערד און מיט האַרמאַטען, טשערקעסען, קאָזאַקען, קאַלמיקען. אַ ווייטע וועלט פון צפון איז געגאַנגען צו מערב צו.

מען האָט נאָך דאַמאָלס נישט געוואוסט מיט וועמען מען באַדאַרף האַלטען, וועמענס מפּלה מען דאַרף בעטען. פון די באַלקאָנען האָט מען בלומען געשאָטען צו די אָפיצירען, צו די זעלנער. דאָס אַלטגעוזעסענע לעבען האָט זיך ערשט גענומען בורעכען, מען האָט עס קוים באַמערקט.

עס איז אַלץ געווען ניי, אומערוואַרטעט. די מלחמה האָט געררייצט ווי אַ נייס, ווי אַ פאָרשטעלונג. די ערשטע בלוטיגע ידיעות פון די שלאַכט-פעלדער האָבען אָפּגעקלונגען, ווי אַן עכאָ פון פאַרצייטען, נאָר מען איז צום עכאָ אַלץ נענטער צוגעגאַנגען.

די ניסינס האָבען אַראָפּגעקוקט פון די פענסטער און אינעווייניג האָבען זיי מורא געהאַט, זיי האָבען געציטערט...

די ביינק האָבען זיך עוואַקואירט קיין רוסלאַנד. זייער געלט האָבען זיי מיטגענומען. אין „הויז" האָט מען צום ערשטען מאָל דערפילט נויט. עס האָט גענומען פעלען עסען צום טיש.

און אויף די גאַסען זיינען אַלץ מער סאָלדאַטען אָנגעקומען. מידע, נישט אויסגעשלאָפענע, בייזע, אָפּגעריסען פון היים

און אייגען לאַנד, פערד האָבען געהירזשעט, האַרמאַטען האָבען דעם ברוק איינגעלייגט.

די ניסינס האָבען געקוקט פון די פענסטער און געוואַרט, ווען וועט זיך עס ענדיגען.

דערנאָך האָבען זיך אויף די גאַסען באַוויזען וועגענער מיט די אַרויסגעיאָגטע אידען פון די שטעטלעך. אויף די פורען זיי-נען געזעסען באָבעס מיט אייניקלעך, מיט איינגעפעדערטע קעפּ, מיט אָנגעשראָקענע אויגען, מיט בלייכע ליפּען.

אַנדערע האָבען מיטגעשלעפּט אַ קופּערנע כּלי, אַ הענג-לייכטער פון שול; אויף אַ וואָגען איז געזעסען אַ קאָזע מיט אַ שפּיציג בערדעל, וואָס האָט געליטען צוליב אירע אידישע בעלי-בתּים.

אויף דעם וועג, פאָרענדיג קיין וואַרשע, איז ווער אין וועג פון אַלטקייט, צי פון שוואַכקייט געשטאָרבען—האָבען זיי, די לע-בעדיגע מיט דעם טויטען, דעם רעשט וועג געמאַכט צוזאַמען. שרעק און מורא האָט געשוועבט אין דער לופט, אויסגעגלאָצטע אויגען האָבען אַ באַרואיגונג, אַ טרייסט געזוכט. דאָס אַלטע לע-בען האָט זיך געבראָכען, ווי דער אייז אין פרילינג

מען איז געלאָפען אין דער גרויסער וואַרשע; דאָ איז די סכּנה געווען קלענער.

ביי די ניסינס אין טיר האָט מען אָנגעקלאַפּט. עפּעס ווייַ-טע קרובים פון אַ שטעטעל האָבען זיך דערמאָנט אָן זיי בעת צרה. זיי זיינען געקומען בעטען, מען זאָל זיי אַריינלאָזען איבער-נעכטיגען, אָפּרוען זיך.

אַ געלער איד, מיט זיין צוקנייטשט ווייב, מיט צוויי קינדער.

מען האָט זיי געמוזט אַריינלאָזען. עס איז אַזאַ שרעקליכע צייט געווען.

דער געלער איד האָט אויפ'ן האַלז געהאַט אַ גוז. הינטען אויפ'ן האַלז האָט ער געהאַט אַ גאַנצע „פּאָמידאָר" און ביי זיין ווייב האָט אין אויג כּסדר געטרערט.

מען האָט זיי אָפּגעגעבען אַ צימער, אַ באַזונדער ווינקעל, נאָר די רואיגקייט אין „הויז" איז צושטערט געוואָרען פּונקט

ווי די נייע אָנגעקומענע האָבן ביי אַלעמען די נשמות צוגע-
נומען, נישט נאָר ביי די ניסינס, נאָר אויך ביי די חפצים פון די
שטומע פאַרפּוצטע חדרים.

די קליינשטעטעלדיגע קרובים זייערע האָבן אַ גאַנצן יריד
מיט זיך מיטגעבראַכט. זיי האָבן כסדר דערציילט, ווי מען האָט
זיי פאַריאָגט פון שטעטעל, ווי מען האָט זיי באַליידיגט און ביי
דער אידענע האָבן שוין ביידע אויגען געטרערט.

די ניסינס האָבן פיינט געהאַט טרערן: אַריסטאָקראַטען
וויינען נישט. מען זיפצט, מען שווייגט, מען ווערט בלייך, נאָר
וויינען, גיסען טרערן, שרייען ווי די מאַרק-זיצערקעס,—פע!

און דער „פּאָמידאָר" אַליין קלאָגט זיך, די קינדער בעטען
עסן און פּאַטשקען כסדר. די „פּאַרמידאָרשע" וויינט. עס האָט
זיך אַ גיהנם געעפענט ביי די ניסינס.

וואָס אַ טאָג, אַלץ ערגער.

צו זיי, צו די פאַרטריבענע, האָבן אָנגעהייבן קומען
קרובים און באַקאַנטע. דער געלער איד מיט'ן „פּאָמידאָר" האָט
אָנגעהייבן מאַכן געשעפטען. עפּעס האָט ער געהאַט אַן אָפּיציר,
מיט וועלכען ער איז אַרומגעפאָר'ען איבער'ן שטאָט איינקויפען
פאַרשיידענע פּראָדוקטען און מכשירים...

און ביי די ניסינס איז די לאַגע אַלץ ערגער געוואָרען,
מען האָט געלעבט פון גמילת-חסדים, מען האָט פאַרזעצט די צי-
רונג.

דער זון איז נאָך מער שווייגענדיגער געוואָרען, די טאָכ-
טער האָט שוין עטליכע מאָל באַקומען ספּאַזמעס צוליב דער אָנ-
שיקעניש, צוליב די קליינשטעטעלדיגע „ברואים".

זיי האָבן איר גאַנצן יחוס פאַרשוועכט מיט זייער טו-
מעל און פּלוידערן.

דער אַלטער ניסין איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין
שטעק-שיך און אין די צייטונגען האָט ער געזוכט, ווען וועט
עס זיך שוין ענדיגען, ווען וועלען דיביינק צוריקקומען.

נאָר די ביינק זיינען צוריק נישט געקומען, נאָר די נויט
איז אַלץ גרעסער געוואָרען.

דערפאַר האָט דער „פּאָמידאָר" געמאַכט נישט שלעכט. ער פלעגט אָפט אַריין צו די ניסינס און פלעגט דערציילן זיינע גליקן. ער פאַרדינט טויזענטער דורכ'ן אָפּיציר, טויזענטער.

איינמאָל האָט דער אַלטער ניסין איבערגעלייענט אין אַ ציי־טונג, אַז אַן ענגלישער מיניסטער האָט געזאָגט, דאָס די מלחמה וועט זיך פאַרציען אויף דריי יאָר און אפשר נאָך אויף מער.

דורך דער ידיעה איז דער אַלטער ניסין קראַנק געוואָרען און איז אַוועקגעשטאָרבען.

אין „הויז" איז נאָך שטילער געוואָרען. געטומעלט האָט בלויז דער געלער איד מיט זיין משפחה. זיי האָבען זיך שוין צו־געוויינט אַרומצושפּאַצירען אין אַלע צימערן. דאָס „הויז" איז ביסלעכוויַיז געוואָרען זייערע. די היסטערישע טאָכטער האָט זיך אויפגעהערט צו בייזערן.

זיי האָבען גענומען שווייגען, די ניסינס, און בלייך זיינען זיי געוואָרען. אין דערהיים, אויף צו לעבען האָט אַלץ אָפטער צוגעפעלט.

מען האָט שוין עטליכע מאָל געמאַכט הלוואות ביים „פּאָ־מידאָר". ער פלעגט גאַנץ גערן געבען, ער האָט שוין אַסך געלט געהאַט.

און איינמאָל איז ער צו דער אַלטער פרוי ניסין געקומען מיט אַזאַ מין פאָרשלאַג:

זאָל זי אים פאַרדינגען די גאַנצע וואוינונג און פאַר זיך מיט די קינדער זאָל זי זיך איבערלאָזען צוויי חדרים. זי וועט באַקומען געלט און ער מיט זיין פאַמיליע וועט האָבען אַ דירה.

דער פאָרשלאַג איז אַזוי גיך נישט אָנגענומען געוואָרען. די אַלטע האָט געזיפצט, די טאָכטער האָט געוויינט, דער זון האָט נאָך מער געשוויגען.

אַזוי האָבען זיך געצויגען חדשים. די אויפגעקומענע האָבען שוין בעל־הבית'עוועט ווי ביי זיך אין דערהיים, אַרומגעקראָכען אין קיך, געבראָכען כלים, טאָג און נאַכט זיך געהאַנגען אויפ'ן טעלעפאָן.

ביז די ניסינס, דאָס הייסט, די מוטער מיט דער טאָכטער

האָבען זיך אונטערגעגעבען. דער זון איז ערגיץ אוועקגעפאָרען. און די טאָכטער מיט דער מוטער האָבען זיך אַריבערגעקליבען אין די זייטיגע צוויי חדרים.

דער „פּאָמידאָר" האָט באַצאָלט פאַר דער וואוינונג, פאַר'ן מעבעל און איז געוואָרען בעל-הבית.

דאָס פריילין ניסין פלעגט זיך קיינמאָל נישט באַווייזען אין די אַמאָליגע חדרים, וואו איר קינדהייט איז אַוועק. די אַל-טע אָבער פלעגט אָפט אַריינקומען און יעדעס מאָל האָט זי גע-זען עפּעס אַ פאַרענדערונג. דאָ איז אַ בילד אַראָפּ פון דער וואַנט און אויף זיין אָרט הענגט עפּעס אַ געשמאַקלאָזיגקייט. דעם אַלטען טעפּיך, וואָס איז צענדליגער יאָרען געלעגען אונ-טער'ן טיש, האָט מען אַרויסגעוואָרפען, און זי האָט אַזוי ליב געהאַט דעם טעפּיך, פון פּערסיען האָט מען אים געבראַכט אַמאָל אַ מתנה, אַזוי פיל ערינערונגען לעבען דאָ אין יעדען ווינקעלע פון די איצט טומעלדיגע חדרים.

עס קומען צום „פּאָמידאָר" מענשען מיט גראָבע שטימען. מען רעדט, מען שרייט, מען ציילט געלט, מען שפּילט גאַנצענע געכט אין קאָרטען.

דעם זייגער, דעם אַלטען זייגער, וואָס פלעגט די שעה'ן אויסשרייען מיט אַ „קוקו", האָט מען אויך אַראָפּגענומען.

די גאָבעלענען אויפ'ן בוידעם אַרויפגעטראָגען, אויף די ווענט האָט מען אויפגעהאַנגען צוויי גרויסע פּאָרטרעטען: דער „פּאָמידאָר" מיט אַ צופרידענעם שמייכעל און זיין ווייב מיט'ן טרערענדיגען אויג.

די אַלטע קוקט און שווייגט.

נאָר, דאַכט זיך, אַז זי איז דאָ איבריג. דער „פּאָמידאָר" וויל מיט איר עפּעס ריידען... זי זאָל נישט האָבען קיין פּאַראַי-בעל... עס איז אים צו ענג. ער מוז אויך די צוויי איבריגע חדרים האָבען פאַר זיך. קינדער וואַקסען אונטער. עס קומען אָפט געסט, קרובים צו אים. מען קאָן זיך דאָך אַליין נישט באַשרענקען, זיך מאַכען ענג דאָס לעבען.

אויב עס גייט אין געלט—וועט ער געבען, וויפיל מען באַדאַרף

די אַלטע בעט זיך, זי וויל דאָ שטאַרבען. איר לעבען איז דאָ אַוועק. יעדעס ווינקעלע איז איר דאָ טייער.

און אַמאָל צובייזערט זי זיך:

—גענומען אַ מענשען און אַריינגעלאָזען צו זיך, דאָס איז די דאַנקבאַרקייט.

—איך האָב פאַר אַלץ באַצאָלט און וועל פאַר אַלץ באַצאָלען.

און דעם „פּאָמידאָר'ס" טרערעדיגע ווייב העלפט אונטער:

—מיר קאָנען פאַר אַלץ באַצאָלען.

און די פרוי ניסין מיט דער טאָכטער פרעגען נאָך איצט ביי יעדען, זיי זוכען אַ צימער פאַר זיך.

—און אייער וואוינונג? אייערע אַלטע, איינגעפונדעוועטע מעבעל, מיט די קריסטאַלענע קלאָשען?

—דער „פּאָמידאָר"—שטאַמעלט די אַלטע— דער „פּאָמידאָר" האָט אַלץ צוגענומען.

—וועלכער „פּאָמידאָר"?—וואָס „פּאָמידאָר"?

—מיר האָבען אַזאַ איינעם, אַן אויפגעקומענעם קרוב,—ערקלערט שוין געגויער די טאָכטער—צוערשט האָט ער פאַרנומען ביי אונז איין צימער, וועלכען מיר האָבען אים אָפּגעגעבען, דערנאָך האָט ער אונז אָפּגעגעבען אַ ווינקעל, און איצטער...

די אַלטע נעמט וויינען און רייסט איבער דער טאָכטער'ס רייד...

# וואָוקע.

*

ער איז געבוירען געוואָרען אין שטעטעל ביי דער ווייכסעל. טאַטע-מאַמע זיינען אים פרי אָפּגעשטאָרבען און וואָוקע האָט זיך פון קינדהייט אָן געוואַלגערט אויף דעם גרויסען מארק-פּלאַץ, געבען די פורען, ביז ער איז אַביסעל גרעסער געוואָרען און די בעלי־עגלות האָבען אים גענומען אויסנוצען. יעדער בעל-עגלה אויף זיין שטייגער, איינער פלעגט אים הייסען היטען די ברויט-שקע, דער צווייטער פלעגט אים שיקען אָנטרינקען די פערד און וואָוקע האָט זיך איינגעלעבט מיט די פערד ווי מיט די בעסטע חברים. ער איז געווען אַ ספּריטנער יאַט און אַלע האָבען אים געקלאַפּט איבער'ן פּלייצע מיט'ן ליבליכען אויסרוף:

—וואָוקע!

דאָס וואָרט „וואָוקע״ איז געוואָרען אַ גאַנגבאַרער קלאַנג אויפ'ן מארק ביי די פערד, ביים וואָקזאַל און ביים טייך, וואו מען פלעגט די פערד באָדען...

נאָך אַ באַשעפטיגונג האָט וואָוקע. ער פלעגט ביינאַנט זיך שיפּלען מיט די פישער'ס און העלפען כאַפּען פיש, פלעגט מען

עפּעס כאַפּען, איז וואָווקען עפּעס געבליבען, אויב נישט, פּלעגט וואָווקע באַקומען מיט עפּעס איבערן פּנים...

און וואָווקע האָט שטענדיג געשמייכעלט. צו אַלעמען און צו יעדען: צו די ליעטניקעס, צום רייכען סוחר פון שטעטעל, צום קסיאָנדז, צו די איבריגע אינגלעך, וועלכע האָבען שטאַרק מקנא געווען וואָווקע'ן, וואָס ער האָט אַזאַ גליק און טרייבט זיך אַרום מיט פערד.

וואָווקע איז שוין פופצען יאָר געווען אַ גאַנצער בעל-עגלה. ער האָט אָנגעטריבען מיט זלמנ'ס פערד און אַליין געמאַכט „יאַזדעס" מיט פּאַסאַזשירען, בייטאָג און ביינאַכט. די פּלייצעס זיינען אים ברייטער געוואָרען, דער קול—אַביסעל גרעבער, די הענט —שטאַרק און נאָך אַ פּאָר יאָר: ער וועט האָבען אייגענע פערד, ער וועט חתונה האָבען.

מאַכט זיך די מלחמה און עס קומט דער דייטש. דער דייטש נעמט-צו ביי אַלעמען די פערד און מאַכט מענשען פּאַר אָרעמע לייט. וואָווקע איז געבליבען אָן פערד און אָן פּרנסה. זיין בעל-הבית, דער גענעראַל פון די בעלי-עגלות, זלמן, איז אַליין געבליבען אָן ברויט.

איז ער געגאַנגען גראָבען פאַר'ן דייטש אָקאָפּעס, נאָר די אַרבעט האָט אים ווייניג געגעבען און וואָווקע האָט גענומען פּלאַנעווען, ווי אַזוי צו אַנטלויפען אין דער גרויסער וואַרשע אַריין. דער דייטש האָט נישט אַרויסגעלאָזען, דאָך האָט וואָווקע געפונען אַן עצה:

איינמאָל פאַרנאַכט-צייט. עס איז שוין גענוג טונקעל געווען. ביים איינציגען לייטישען האָטעל פון שטעטעל איז געשטאַנען אַ דייטשישער אויטאָמאָביל און וואָווקע האָט זיך דערוואוסט, אַז דער אויטאָמאָביל גייט קיין וואַרשע.

איז ער אַוועק אַהיים, איבערגעטאָן דעם בעסטען בגד און אַליין האָט ער זיך געלאָזען וואַרטען נישט ווייט פון שאָסיי. דאָרט איז פאַראַן אַ צעבראָכענער בריקעל און דער אויטאָמאָביל מוז גיין לאַנגזאַמער.

און בעת דער אויטאָמאָביל איז לאַנגזאַם פאַרבייגעפאָרען

ביי דעם בריקעל, האָט זיך וואָווקע אָנגעכאַפּט פון הינטען אַן אידאָ!

עס האָבען געגומען שווינדלען אין די אויגען פעלדער, וועלדער, בערגלעך אַרויף און בערגלעך אַראָפּ. די טעלעגראַף־סלופּעס האָבען געשפּרונגען מיט די דראָטען און וואָווקען האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט דאָ באַלד צעפּליקט אויף שטיקלעך און עס האָט אים שוין פאַרדראָסען די גאַנצע געשיכטע; נאָר ער האָט קיין צייט נישט געהאַט מורא צו האָבען. דער אויטאָמאָביל איז געפלויגען, ווי אַ שד, און וואָווקע האָט זיך געמוזט פעסט האַלטען.

ביינאַכט איז ער געבליבען שטיין אויף אַ באַלויכטענער גאַס, ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין הפקר־פּלאַץ און איז אַריין אין מענשען־שטראָם, וואָס האָט שפּאַצירט אויף די גאַסען.

אין עטליכע טעג אַרום האָט ער שוין פאַרדינט געלט: געטראָגען פּעקלעך און געפירט אַ וועגעלע. „אַליין געוואָרען אַ פערד״ האָט ער זיך געוויצעלט. שפּעטער האָט ער גענומען האַנדלען מיט שוועבעלעך, מיט פּאַפּיראָסען, דערנאָך האָט ער „געכאַפּט״ עפּעס אַ דייטש און ביי אים פאַרדינט.

וואָווקע האָט געמאַכט געלט. אַ סך געלט.

פלינק און דרייסט איז ער געווען, כח האָט ער געהאַט און אַ צייט איז אַזאַ, אַז מען דאַרף גאָרנישט, נאָר נישט שלאָפען, איז שוין גוט.

וואָווקע איז געבליבען אַ גוטער ברודער. נאָר די, וואָס קומען פון זיין שטעטעל, דערקענען אים נישט: אַן אַריסטאָקראַט געוואָרען; אַזעלכע בגדים, אַזעלכע שיך. פּראָסט נישט צו דערקענען און וועגען וואָווקען רעדט מען שוין אין שטעטעל, ווי וועגען אַ וואונדער.

כאָטש וואָווקע נעמט אַלץ מער פאַרגעסען זיין אַמאָליגען לעבען, עס זעט אים שוין אויס, ווי אַ חלום, נאָר צו איין זאַך איז ער נישט גלייכגילטיג: צו פערד. דערזעט ער אַ פערד, שטעלט ער זיך באַלד אָפּ באַטראַכטען און, ווי אַ גוטער מבין, שאַצט ער גלייך אָפּ דעם „גייער״. פּאָרט אַ דראָזשקע, איז אים אָנגענעם

צו כאַפּען אַ שמועס מיט׳ן דראָזשקאַרזש, און וואָווקע טראַכט דערביי:

„פאַניע, רופט ער מיך, ער ווייסט נישט, אַז דער „פאַן״ איז אַליין אַ גרויסער מחותן מיט די סוסים״...

וואָווקע פאַרשטייט זיך אַליין נישט גאַנץ אָפּט. פון איין זייט איז אים עפּעס ליב צו דערמאָנען זיין זאָרגלאָזע יוגענט, מיט דער וויכסעל, מיט זלמנ׳ס פערד, דער לאַנגער שאָסיי, פון וועלכען די פערד לויפען, ווי אָדלערס באַרג אַראָפּ, אַ מחיה אַלץ צו דערמאָנען, אַ טייערע צייט געווען, און יענע פּאָר גראָשען, וואָס ער האָט דאַמאָלס געהאַלטען אין קעשענע — סאַר אַ טייערע פּאָר גראָשען דאָס זיינען געווען.

אָבער פון דער צווייטער זייט: וואָווקע וואָלט נישט וועלען, אַז פרעמדע זאָלען אים דערמאָנען יענע צייט. און עס פאַרדריסט אים, בעת זיינע לאַנדסלייט קלאַפּען אים איבער׳ן פּלייצע:

— ווער האָט דאָס געקאָנט טראַכטען? וואָווקע... אַ סוחר אַ נגיד. אַזאַ שניעק נאָך, האָסט מזל, אַ גרעסערן מזל פאַר זלמן דעם בעל-עגלה...

אַמאָל פאַרטראַכט ער זיך און פאַרטרוימט זיך אַזוי שפּריי-זענדיג, אָ, ווי ווייט ער גייט אַוועק אין זיינע געדאַנקען! ער וועט קויפען הייזער, ער וועט חתונה האָבען מיט אַ בראָמבערג׳ס טאָכטער פון שטעטעל. בראָמבערג איז אַ גרויסער יחסן. אַמאָל געווען ביי זיי דער גרעסטער גביר פון שטעטעל, איצט פאַר-אָרעמט געוואָרען. און אפשר וועט בראָמבערג׳ס טאָכטער נישט וועלען... ווער ווייס? וועט ער זיי דאַן ווייזען וויפיל געלט ער האָט און נעמט צו זיך אַליין שמייכלען, בעת ער באַרעכענט וויפיל געלט ער האָט.

פלוצלונג וואַקסט אויס פאַר אים אַ גרויס פערד. אַ דראָזש-קע איז אָנגעלאָפען, נאָר וואָווקע זעט דאָס פערד און נישט מער און יעדעס פערד דערמאָנט אים זיין פאַרגאַנגענהייט.

— עך, עס וואָלט שוין בעסער געווען, מען זאָל אינגאַנצען אויפהערען צו פאָרען אויף פערד. בעסער צו פאָרען מיט אויטאָ-

מאָבילען. און ער טרייסט זיך, אַז אַמאָל וועט טאַקי אַזוי זיין.

---

איצט פאָרט וואָווקע אַ היים אין שטעטעל. אויסגעפוצט און אויסגעפיינט. דער צוג לויפט און ער שטעלט זיך אַלץ פאָר, ווי מען וועט אים דאָרט באַגעגענען. וועט דאָס ווערען אַ טומעל:

—וואָווקע איז געקומען.

וואָוקע, וואָווקעלע! פון אַלע זייטען וועלען זיך צו אים ציען הענט און אפשר וועלען זיי אים גאָרנישט דערקענען? ער נעמט אַרויס פון קעשענע אַ קליין שפּיגעלע און שמייכעלט צו זיך אַליין:

—צי איז דען דערזעלבער וואָווקע? אין וואַגאָן זיצען נאָך מענשען, מען רעדט פון געשעענישען, ער דערציילט פון זיינע פאַרדינסטען... מיט וואָס איז ער ערגער פאַר אַנדערע?

ער קאָן זיך נישט אונטערשרייבען, נו איז וואָס?

ער איז אַמאָל געווען אַ שמייסער אין שטעטעל, נו איז וואָס? אָבער היינט לאַכט ער דאָך פון אַלעמען. מיט זיינע אייגענע כּוחות האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט, מיט זיין אייגעגעם ספּריט.

ער פאַרטראַכט זיך און קלערט פון זיינע געשעפטען. מיט אַמאָל שטעלט זיך דער צוג אָפּ. זיין וואָקזאַל. זיין שטעטעל. חברה בעלי-עגלות לאָזען זיך צו די פּאַסאַזשירען און צו אים, צו וואָווקען אויך.

„פּאַניִע" רופען, זיי אים די חברה.

און מיט אַמאָל גייט אַריבער אַ רעש צווישען די בעלי-עגלות:

—דער טייוועל זאָל דיך נעמען, כראַביע דו אייגערן!

—גיב נאָר אַ קוק אויפ'ן נפש.

—מיליאָנשטשיק!

—האָסט אַ קלויסטער באַראַבעוועט.

און וואָווקע פאַרגעסט, אַז ער גייט אָנגעטאָן אין אַ גוטען פּעלץ, אַז ער איז היינט אַזאַ יחסן. און ער נעמט זיך קושען מיט זיינע געוועזענע חברים און נעמט ריידען אויף זיין לשון

און שעלט זיך גוטמוטיג.

און אָט גייט צו דער אַלטער זלמן, דער גענעראַל פון די בעלי-עגלות. רבונו של עולם! ווי ער זעט דאָס אויס. ווי זיין פערד זעט-אויס. „צוויי אַלטע שקאַפּעס“—גיט וואָווקע אַ טראַכט. וועגען זיין געוועזענעם בעל-הבית און וועגן זיין האַלב-געַ-פּגר׳טע פערד.

—וואָווקע!—פרעגט זיך דער אַלטער זלמן — איך האָב נחת פון דיר וואָווקע.

און פאָרען פאָרט וואָווקע צום שטעטעל צו מיט זלמנ׳ס פערד. עס איז פאַראַן צו פאָרען עטליכע וויאָרסט. דער שאָסיי איז גלאַט און ציכטיג, אַרום גרינט דער יונגער פרילינג.

דער אַלטער זלמן דערציילט פון זיינע צרות. מען האָרע-וועט בלויז פאַר׳ן פערד און דאָס פערד הונגערט אויך. אַ שווער לעבען. אָבער וואָווקע! ווען האָט וואָווקע באַ׳גנב׳עט?

און ביי וואָווקען קומט איצט פאָר אַ גאַנצע איבערקערע-ניש, זיין גאַנצע קינדהייט לויפט אים פאָר פאַר די אויגען און עס דאַכט זיך אים, אַז יענע צייט איז געווען די בעסטע, אַז צוריק וועט עס שוין נישט קומען.

און דאָס פערד׳ל שלעפט זיך קוים אויפ׳ן שאָסיי און ביי זלמנ׳ען זיינען די הענט אַביסעל צו שוואַך שוין.

און וואָווקע פילט עפּעס, וואָס ער קען נאָך נישט פאַר-שטיין. עס ציס אים צו די לייצעס, די הענט קאָן ער רואיג נישט איינהאַלטען. זלמן דער אַלטער בויגט זיך יעדע רגע צו אים אַראָפּ, באַטראַכט אים מיט פאַרוואונדערונג און פרעגט עפּעס.

און וואָווקע קאָן עפּעס רואיג נישט איינזיצען. מיט אַמאָל האַלט ער נישט אויס:

—ר׳ זלמן, גיט די לייצס!

זלמן גיט אויף אים אַ קוק:

—דו האָסט נאָך נישט פאַרגעסען?

—איך וועל פּרובען.

און איידער וואָס, האַלט שוין וואָווקע די לייצעס, די אוי-

נעמען בײַ אים לויפֿן, דער גאַנצער קערפּער טערט עפּעס באַוועגליכער.

— נאָ.

ס׳פֿערד׳ל האָט דערשפּירט די שטאַרקערע הענט און עס האָט זיך אָוועקגעלאָזן האַסטיגער.

דאָס שטעטעל איז שוין נאָענט, דער קלויסטער איז שוין אָנטקעגען און דאָ לויפֿט דאָס פֿערד׳ל באַרג־אַראָפּ, גלײַך צום מאַרק־פּלאַץ. אײַנהאַלטען איז אים צו־שווער.

און וואָווקע כאַפּט זיך איצט. עס פֿאַרדריסט אים עפּעס, ער האָט געוואָלט איבערגעבען די לײַצעס זלמנ׳ען.

עס באַגעגענען אים אַ סך אַלטע באַקאַנטע. מען באַגריסט זיך מיט אים, מען וויצעלט זיך:

— קאָנסטו נאָך האַלטען די לײַצעס, וואָווקע!

וואָווקע איז בײַז אויף זיך אַליין: זאָל כאָטש ווער פֿון בראָמבערג׳ן נישט באַמערקען, אַז ער האָט אָנגעטריבען דאָס פֿערד...

און עס וואָלט זיך אים שוין וועלען אַנטלויפֿען פֿון דאַנען. דאָס שטעטעל איז אַזוי קליין געוואָרען און אָרעם...

# אין שפּינעל.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער שוין געגאַנגען אין דער אוניפאָרם פון אַ סטודענט. יעדן טאָג פלעגט אים אויסקומען צו זאָגען עטליכע מאָל ליגען: דאָס איז געוועזן דאַן, ווען מען פלעגט ביי אים פרעגען, ווי אַזוי ער איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט; ער האָט אָבער שוין געהאַט פאַר אַלעמען איין ענטפער:

—עס האָט מיר אָפּגעגליקט...

מען האָט אים געגלויבט, ווייל שטאַרק אינטערעסירט האָט מען זיך נישט מיט דעם. ער האָט נישט איבערגעריסען מיט זיי־נע אידישע באַקאַנטע און אַהיים האָט ער געשריבען פריילּיכע בריף: ער לערנט, ער לערנט... אַמאָל פלעגט אים אָבער אַ שרעק־ליכער געדאַנק אַרומנעמען: וואָס וועט זיין ווען אין דער היים וועט מען זיך דערוויסען? ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די מינוט, ווי אַלע מיט אַמאָל נעמען וויינען, און צוליב דעם אַליין האָט ער אָפּגעלייגט, אַלץ אָפּגעלייגט זיין פאָרען צו די עלטערן. עס האָט זיך אים נישט געוואָלט אין די אויגען זיי נאַרען. נאָר מער אָפּלייגען האָט ער שוין נישט געקאָנט: די עלטערן האָבן אים

געוואָלט זען און אים אַליין האָט אויך געצויגען צו זיין שטע-
טעל צום ברייטען ניעמאַן...

ער איז געפאָרען אַהיים. פריילעך, ליכטיג איז געווען דער וועג. אויף די פעלדער האָט מען שוין געאַרבעט און אומעטום אַזוי פיל זון, אַזוי פיל צאַרטקייט און וואַרעמקייט אין דער לופט.

נישט ווייט פון שטעטעל. ער זעט שוין די שפיצען פון דעם קלויסטער, אַ גרויסען אַלטען בוים, וואָס שטייט אויפ'ן בערגעל; ער זעט שוין די ערשטע הייזער; קינדער קוקען אים אָן, צו ערשט דערקענען זיי אים נישט. דערנאָך לויפען זיי נאָך זיין בריטשקע און רופען אים ביים נאָמען. ער פילט אַזוי פיל פרייד און האָפנונג, נאָר ערגעץ טיף אין דער נשמה גריבעלט און עגבערט. ער וואָלט עס וועלען אָפּוואַרפען פון זיך, אַ שליידער טאָן ווייט ווייט, לאָזען עס אויפ'ן וועג אין אַ שאָטען-ווינקעל, נאָר דאָס גאַנצע פעלד איז אין זון... וואָס זאָל דאָס זיין? וואָס שטעכט עס אים אַזוי פון צייט צו צייט אין מאַרך? אָבער אין דער אמת'ן. ער האָט קיינעם גאָרנישט געטאָן. נישט באַ'גנב'עט, נישט באַ'גזל'ט... עט! ער יאָגט אָפּ פון זיך די שלעכטע געדאַנקען. ער האָט איצט ערשט דערזען, אַז די בריטשקע שטייט שוין ביי זייער שוועל, און די מאַמע, דער טאַטע מיט די שוועסטער—אַלע לויפען צו אים.

—זון, מיין זון! זיי קושען אים, ער קושט זיי... איין מאָמענט בלויז, איין מאָמענט לויפט אים דורך אַ געדאַנק: „ווען זיי וואָלטען וויסען"; נאָר ער ווערט באַלד ווידער מונטער און די אמת'ע נאַטירליכע פרייד נעמט אים אַרום און באַזיגט.

עס גייען אַזוי אַוועק עטליכע טעג אָן גרויסע איבערלעבענישען, רואיגע יום-טוב'דיגע טעג. עטליכע קליינע אינצידענטען האָבען אים עטליכע מאָל אויף אַ קורצע ווײַלע צעטומעלט: איבערהויפּט איינמאָל, ווען דער פאָטער האָט אים געפרעגט, צי דאָס איז אמת, אַז איצט שמד'ן זיך אויך אידישע יונגע-לייט, אום אַריינצוקומען אין אוניווערזיטעט... ער האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן פאָטער, געמיינט האָט ער שוין, אַז דער פאָטער מיינט אים, נאָר באַלד האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט אַזוי. ער האָט רו-

זיך געענפערט דעם פאָטער, אַז עס טרעפען אַזעלכע זאַכען, אָבער נישט קיין סך, און מען איז איבערגעגאַנגען אויף עפּעס אַנדערש ריידען...

אין שטעטעל איז געווען אַ מיידעל פון גאָר פרומע על-טערן. זי האָט אומגעדולדיגער ווי אַלע אָפּגעוואַרט, אַז דער סטו-דענט זאָל שוין קומען פון פּעטערבורג. און ווען סאַמואיל איז צו איר אַריינגעקומען מיט'ן ערשטען וויזיט, איז זי רויט געוואָרען: אָט דאָס איז ער, דער קליינער שמואל'קע, מיט וועלכען זי האָט זיך אין זאַמד געשפּילט. די קנעפּ פון זיין מונדיר האָבען גע-גלאַנצט, ער האָט דאָ אויסגעזען ווי אַ פירשט ביי איר אין די אויגען. פייגעלע האָט זי דאַמאָלס געהייסען, נאָר איצט אין דער לעצטער צייט, ווען זי האָט אָנגעהייבען לערנען, האָט זי דעם נאָמען פאַרקלענערט און איבערגעאַנדערשט. „פאַניע" האָט מען זי אָנגעהייבען רופען. סאַמואיל פלעגט איצט אָפּזיצען ביי איר גאַנ-צע טעג, ער האָט געוואָלט זיין וואָס ווינציגער אינדערהיים.

פאַר דעם מאָנאַט צייט, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט, האָט ער זיך זעהר אויפגעטראָגען מיט זיין חבר'טע פון זיינע קינדערשע יאָרען. עס איז געווען פרילינג און זיי האָט מען שטענדיג גע-זעען צוזאַמען:

—„דער סטודענט האָט זיך שוין פאַרליבט אין פייגעלען" האָט מען זיך געשושקעט אין שטעטעל, נאָר קיינער האָט צו זיי קיין פּרעטענזיעס נישט געהאַט, דעם סטודענט האָבען אַלע גע-קענט און אַלע האָבען פאַר אים דרך-ארץ געהאַט. פייגעל איז שלאַנקער און שענער געוואָרען פון טאָג צו טאָג, דאָס האָט די ליבע געבליט.

איינמאָל האָט סאַמואיל מיט איר גערעדט וועגען עפּעס. דערנאָך זיינען זיי אַרויפגעקומען אויף דער טעמאַ „שמד'ן זיך." פייגעלע האָט גאַנץ אָפענהערציג אַרויסגעזאָגט, אַז זי האָט פיינט גע'שמד'טע, אַז זי וועט קיינמאָל אַ גע'שמד'טען נישט ליבען. סאַמואיל האָט פאַרזיכטיג געפרעגט—„פאַרוואָס פאַניע? זיי זיינען אויך מענשען". פייגעלע איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און אים געבעטען מיט אַ בייז פנים ער זאָל זיי נישט פאַרטיידיגען, כאָטש

זי האָט אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס זי איז אַזוי אין כעס, שפּעטער האָבן זיי פאַרגעסן אָן דער גאַנצער געשיכטע און זיינען אַוועק זיך שיפלען אויפ׳ן טייך.

שפּעט איז סאַמואיל אַהיימגעקומען. שלאָפן האָט זיך אים נישט געוואָלט, האָט ער אָנגעצונדען אַ ליכט און גענומען זוכען אַ בוך... אויף דער וואַנט געגענאיבער איז געהאַנגען אַ גרויסער שפּיגעל אין אַן אַלטמאָדישען ראַם איינגעפאַסט. סאַמואיל האָט אין דעם שפּיגעל געהאַט פאַרגעסען: ער האָט נאָר איצט געזען ווי עמיץ קוקט אויף אים, ווי עמיץ שטייט מיט אַ ליכט אין דער האַנט, מיט אומעטיגע, גלות-פאַרטרויערטע אויגען און קוקט אויף אים. דאָס איז געווען אַ בליק, וואָס שטראָפט און פּייניגט. אַ בליק וואָס וויל און קאָן נישט טרייסטען; סאַמואיל האָט אויפגעציטערט, ער האָט קוים זיך דערקענט צום סוף. טיף אין האַרצען ביי אים האָבען הייסע פונקען געגליט. ער האָט זיי נישט געוואָלט פאַרלעשען און ער האָט זיך מורא געהאַט זיי זאָלען זיך נישט פאַרבאַנדערגליען אין אַ צו גרויסען פלאַם...

געלייענט האָט ער שוין נישט, נאָר ביז פאַרטאָג האָט ער געטראַכט פון זיינע נאָענטע, פון זיך אַליין, פון זיין פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, און נישט קומענדיג צו קיין באַשלוס, איז ער איינגעשלאָפען...

עס האָבען אים אויפגעוועקט גוואַלדיגע קולות. די מאַמע איז אַריינגעלאָפען צו אים אין צימער, זי האָט זיך געריסען די האָר פון קאָפּ און געשריען: „מיין זון, וואָס האָסטו געטאָן?״

דורך אַ פּאַפּיר, וואָס איז אָנגעקומען פון פּעטערבורג פאַר סאַמואיל׳ן, איז מען אין שטוב דערגאַנגען, אַז ער האָט זיך גע־שמד׳ט...

סאַמואיל האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. נעבען זיין בעט האָט די מאַמע גע׳חלשט; אין צווייטען צימער האָבען די שוועסטער געיאָמערט און פון צייט צו צייט פלעגט דער פאָטער אַריינוואַרפען אַ שרעקליכע קללה און שטיל ווערען. שפּעטער האָט דער פאָטער אַריינגעשריען צו אים, ער זאָל פאַרלאָזען זיין שטוב, אַז ער איז פאַר אים מער קיין פאָטער נישט. סאַמואיל איז

נאָך אַ גאַנצען טאָג געבליבען אין זיין צימער, אַ שטומער, ווי אַ פאַר'משפטער. קיינער איז צו אים נישט אַריינגעקומען, ווי אַ פאַר-פעסטעטען האָט מען אים אויסגעמיטען...

שפּעטער ווען עס איז פינסטער געוואָרען האָט ער זיך אַרויסגעגנב'עט און אַוועקגעלאָפען צום באַן... עטליכע וויאָרסט איז ער געלאָפען אויפ'ן שאָסיי, דער ווינט האָט אים אין פּנים געפּאַטשט און ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. עס האָט אויס-געדוכט, אַז ער האָט עפּעס אַ פעסטען באַשלוס אָנגענומען, עס האָט געדוכט, אַז דער מענש איז שרעקליך בייז און שטאַרק...

ער איז געלאָפען און געשאָלטען די גאַנצע וועלט. דאָ פלעגט קומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין און אים מאַכען פאַר-געחלשט, און באַלד אַ צווייטער געדאַנק, אַ בייזער, אַן אָפּשפּאַ-סענדער. און ווען ער איז אַריין אין וואַגאָן, האָט ער אויסגעזוכט אַ ליידיגען אָרט... זיך אַוועקגעזעצט און גענומען טראַכטען, נאָר ווי ער האָט נישט געיאָגט פון זיך די געדאַנקען, אַלץ דאָס זעל-בע בילד: די מאַמע מיט אירע צעשראָקענע אויגען: „מיין זון, וואָס האָסטו געטאָן?"

---

ער איז צוריק געווען אין אוניווערזיטעט, איצט איז אים דאָס לעבען פיל שווערער אָנגעקומען. ער האָט געמוזט זוכען צו פאַר-דינען. נאָר ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. מיט אַ מאָדנער עקשנות און פלייסיגקייט האָט ער איצט געשטרעבט און געלערנט. ער האָט אַזוי לאַנג געליטען, געגריבעלט זיך און געצווייפעלט און האָפנונג באַקומען, ביז ער איז ווידער צו אַ באַשלוס געקו-מען: ער איז גערעכט אַנטקעגען אַלעמען, ער אליין וויל זיין גורל אָפּטיילען פון אַלעמענס גורל... און שטראָפען פאַר דעם האָבען די מענשען קיין רעכט נישט — יעדערער איז אַ בעל-הבית אויף זיך...

די ליבע קומט פלוצלונג [illegible] מאָל, אָבער דער האַס קומט לאַנגזאַם. און אָט אַזוי האָט ער אָנגעהייבען ביסלעכווייז צו האַ-סען זיינע אַלע אייגענע, זייז פאַרגאַנגענהייט ער האָט אָנגעהייבען

געפינען אומסימפאַטישע שטריכן אין זיינע אידישע חברים, וועלכע האָבן זיך פון אים דערווייטערט: זיי זענען אַלע צו קליינלעך, עגאָאיסטיש...

ער האָט געלייענט ביכער, וואו זיין פאָלק ווערט קריטיקירט און אויסגעלאַכט, ער האָט אין דעם אַלעם נישט געגלויבט, נאָר אַז ער פלעגט ווען געפינען אין די ביכער אַ ריכטיקן געדאַנק, אַ צוגעפאַסטן פאָרוואורף, פלעגט עס אים פרייען זוין הגאה טאָן... און דאַן, ווען עס פלעגן אַוועקגיין עטלעכע רואיקע טעג, פלעגט ער נישט בענקען, נישט ליידן, פלעגט ער דאַן טראַכטן; — צי דען האָב איך אַלץ פאַרגעסן? און דאָס גאַנצע שטעטעלע מיט טאַטע-מאַמע, מיט אַלע פריינט פלעגן אַרויסשווימען פון ערגעץ-וואו, און שווינדלען פאַר די אויגן, ווי געשפענסטער, אַלע אַרומיקע לאַנדשאַפטן פלעגט ער דאַן זען, ער גייט דאָרט שפּאַצירן מיט פאַניען און איינמאָל זאָגט זי צו אים: „אַ געשמדטן וועל איך קיינמאָל נישט ליב האָבן". צי דען מוז איך אַלץ פאַרגעסן? — טראַכט שוין איצט סאַמואיל און די בילדער קומען צו אַלץ נענטער... וואו איז אַהינגעקומען זיין נעכטיקער ווילן, זיין מוט? מיט פליגלען וואָלט ער איצט אַהינגעפלויגן און אַלעמען איבערגעבעטן... כאַפט ער זיך באַלד אויף פון די חלומות און לאַכט זיך אויס אויפן הויכן קול. ער וויל אַליין הערן ווי ער לאַכט פון אַזעלכע סענטימענטאַלע געדאַנקען. דאָך בלייבן אַליין איצט, איז פאַר אים אוממעגלעך, —אַנטלויפט ער, גייט צו באַקאַנטע, אָדער שפּאַצירן. טרעפט אַמאָל יונגע שקצים לויפן פאַרביי און רייצן זיך מיט אים: „זשיד"! ער האָט אַזאַ אידיש פנים. אַלע דערקענען אים. און אַמאָל ביי דער קאַסע פון טעאַטער, ער האָט עמיצן אומגערן אַ שטויס געטאָן; ער האָט זיך באַלד אַנטשולדיקט, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט ער שוין דערהערט דאָס וואָרט: „זשיד". אין אַזעלכע מינוטן האָט זיך אים געוואָלט מיט וועמען עס איז אָפּרעכענען, כאַפּן יענעם, טרעטן אים מיט די פיס, טאַנצן אויף אים. אין האַרצן פלעגט עפעס שרייען, וואונדן מאַכן. און די געדאַנקען האָבן געבויט טעאָריעס: „איך וויל זיין פריי", פלעגט ער שרייען צו דער גאַנ-

צער וועלט. איך בין קיין ייד נישט און קיין קריסט נישט, —
„איך בין אַ מענטש, אַ מענטש"...

די נויט האָט אויך שוין אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף זיין געזיכט און ער האָט איצט אויסגעזען נאָך מער אויסגעליטן, כאָטש אַ געוויסע איידלקייט און פיינקייט האָט געשוועבט אויף זיין געזיכט, ער האָט געהאַט גענוג באַקאַנטע, ווו צו פאַרברענגען, מען האָט זיך צוגעוויינט צו אים אין עטלעכע אידישע קרייזן. פיל מאָל פלעגן דאָרט פאָרקומען דיסקוסיעס און דיספּוטן, מערסטנטייל איבער אידן און אידנטום. ער פלעגט שטענדיק אַרויסטרעטן אַלס קעגנער, נישט אַלס קריסט, נאָר אַלס מענטש... ער האָט שוין געהאַט צו הילף אַ געוואַלדיקע טעאָריע מיט טויזנטער אַרגומענטן. ער פלעגט אָפּרעדן, אָנהיצן זיך און דערנאָך פלעגט עס אים אויסזען נאריש און שרעקלעך. וועמען פאַרטיידיקט ער? וועמען באַפאַלט ער? זיך אַליין און נישט מער... ווען נישט דאָס לערנען, וואָלט ער טרייסט אין לעבן נישט געפינען, ער האָט זיך זייער באַפריינדעט מיט אַ קריסט, אַ סטודענט, און דערנאָך זומער געפאָרן מיט אים איבער דער וואָלגע. ער האָט געוואָלט אין זיך איינזאַפּן דאָס פרעמדע לעבן, ווערן אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש, און צייטנווייז פלעגט אים אויסדוכטן, אַז ער דערגרייכט עס. ער איז שוין כמעט זיכער געווען אין דעם, נאָר דער ערשטער פאַרגרעבטער פויער פלעגט אים דערמאָנען, ווער ער איז...

עס פלעגן אויך טרעפן גרעסערע און וויכטיקערע צופאַלן, וועלכע פלעגן אים דערנאָך לאַנג, לאַנג פייניקן...

אין איינער פון די רוסישע דרום-שטעט, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט, האָט מען געהאַט געשפּילט שעקספּירס „שיילאָק". די גאַנצע צייט איז די פאָרשטעלונג געגאַנגען אין אָרדענונג. נאָר אין דעם מאָמענט, ווען שיילאָק נעמט שלייפן זיין מעסער, אום אויסצושניידן אַ פונט פלייש פון אַנטאָניאָ'ס האַרץ, איז אין טעאַטער געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל. מען האָט אָנגעהייבן שרייען: „נידער מיט די יידן"! עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג...

סאַמואיל האָט אויך געשריען, ער האָט געוואָלט זיין קול זאָל אַלעמען פאַרהילכען. „נאַרישע מענשען", האָט ער זיך געטראַכט. „אַזעלכע טיראַנען טרעפען דאָך ביי אַלעמען". די פאָרשטעלונג אין טעאַטער איז איבערגעריסען געוואָרען און דער עולם איז זיך אין אויפרעגונג פאַרנאַנדערגעגאַנגען.

סאַמואיל איז געגאַנגען מיט זיינעם אַ באַקאַנטען יונגען מאַן, וועלכער האָט נישט געוואוסט, אַז סאַמואיל איז גע'שמד'ט. יענער האָט די גאַנצע צייט גערעדט:

—ס'איז אַ ליגען. אַזעלכע אידען זיינען נישטאָ. אידען, וואָס שניידען אויס ביים צווייטען דאָס האַרץ, וואָס שלייפען דערביי זיך פריער אָן געלאַסען דעם מעסער,—אַזעלכע אידען זיינען נישטאָ... נאָר מען טאָר זיך נישט פאַרשעמען. ווען מען זעט אַזאַ אידען, ווי שיילאָק, איינמאָל פאַר טויזענטער דורות יסורים און פיינען. איינמאָל בלויז האָט דער איד אַ געשריי געטאָן: „איך וויל אייך פייניגען"! ער בעטעלט נישט, ער שפּאַסט פון זיינע פיינט און ער פלוכט זיי, נישט אומזיסט האָבען זיי געמאַכט אַזאַ טומעל אין טעאַטער, זיי האָבען דערזעען אַן אַנדער אידען...

סאַמואיל האָט געשוויגען, נאָר אין האַרצען האָט ער געלאַכט פון די מענשען, וואָס מאַכען פון יעדער זאַך אַ גאַנצען טומעל; ער האָט געלאַכט פון המון, וואָס האָט אַזוי געלאַרעמט. עס האָט אים איצט פאַרדראָסען שטאַרק, וואָס ער האָט אויך געשריען און געקלאַפּט. וואָלט נישט בעסער געווען, ווען ער זאָל שטיין רואיג פון דער ווייטען און צוקוקען ווי די קליינליכע אינסטינקטען צושפּילען זיך. מיט אַזעלכע געדאַנקען איז ער צוגעגאַנגען צו אַ קאַפע. זיין באַקאַנטער איז אַוועק אין אַ צווייטער זייט. ווען ער איז אַריין אין קאַפע, איז גאָר פריילין געוואָרען: מוזיק שפּילט און פרויען, אַזוי פיל שיינע, יונגע פרויען, לאַכען און שמייכלען אַרום. ער גייט און זוכט אַ פּלאַץ פאַר זיך. אין קאָפּ רוישט נאָך דער נאָרוואָס איבערגעלעבטער סקאַנדאַל: „נאַריש-קייטען" טראַכט ער, און יאָגט אָפּ די אַלע געדאַנקען פון זיך. גייט ער צו צו אַ פרויען-טישעל און וויל זיך זעצען, ווי עמעץ קוקט אויף אים אַזוי שטאַר... דאָס איז אין שפּיגעל, נאָר ער

כאַפּט זיך נישט, עמיצער קוקט אויף אים. בייזקייט און צאָרן איז פאַראַן אין דעם בליק, בייזקייט, וואָס ראַנגעלט זיך מיט מיטלייד, צאָרן, וואָס וויל באַזיגען ליבע... ער דערמאָנט זיך, אַז מיט עטליכע יאָר צוריק, האָט ער שוין דעם זעלבען בליק אַמאָל געפילט אויף זיך, דעם זעלבען שרעק: דאָס איז געווען אין זיין געבורטס-שטעטעל, אין דער נאַכט איידער זיינע נאָנטסטע האָבען זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַוועק פון זיי... ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געוואָלט אַוועקטרייבען פון זיך דעם אומרואיגען פּנים, וואָס קוקט אים איצט אַזוי אָן, נאָר יענער האָט זיך אַלץ נענטער צוגערוקט צו אים, נענטער... פון שרעק האָט ער זיך די אויגען מיט זיינע הענט פאַרשטעלט און אַ געשריי געגעבען.

מענשען זיינען צוגעלאָפען צו אים. מען האָט אים אָפּגעמינטערט און אַהיים אַוועקגעפירט. קיינער האָט פון אים אַ וואָרט נישט געהערט, קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס מיט דעם מענשען טוט זיך.

---

ווען סאַמואיל איז צוריקגעקומען קיין פּעטערבורג האָט זיך פאַר אים אָנגעהייבען אַ נייער גיהנם: ער האָט דאָרטען געטראָפען פאַניען, וועלכע האָט איצט שוין אַליין געלערנט אויף קורסען. זיין גאַנצע יוגענט האָט איצט פאַר אים געשוועבט... פאַניע, פאַניע! זי האָט אים דערמאָנט זיין פאָטער און מוטער. עס האָט אויסגעזען, עמיצער זאָל איר אומישנע אונטערשיקען, זי זאָל זיך רייצען מיט אים. זי זאָל אים זיך נישט לאָזען באַרואיגען, זי איז אים געקומען פייניגען... זיי האָבען זיך עטליכע מאָל באַגעגענט ביי די זעלבע באַקאַנטע, וואו סאַמואיל פלעגט אַריינקומען. פאַניע פלעגט מיט אים ריידען, נאָר קיין שום סימן פון אַמאָליגע נאָנטקייט פון איר זייט. עס האָט פּאַסירט, אַז סאַמואיל האָט זיך איינמאָל גענומען פאַרטיידיגען. זי האָט אים געגעבען צו פאַרשטיין, אַז איצט אַרט עס איר נישט אַזוי שטאַרק: סאַמואיל איז געוועזען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז יעדער מענש איז איבער זיך אַ בעל-הבית און די „אַלע” טאָרען דער איינעם קיין דעה נישט זאָגען. איצטער פאַרשטייט זי עס. זי איז געקומען צווישען אַנ-

דערע מענשען מיט העכערע באַגריפען. סאַמואיל האָט אַ ביסעל האָפנונג באַקומען, כאָטש אויסערליך האָט עס אויסגעזען, אַז די גאַנצע פאַניע מיט איר יעדער באַוועגונג, מיט איר שטאָלץ און חן פּראָטעסטירט געגען אים. ער האָט פאַרטרויט פאַר זיין פריינט, דעם קריסט, וואָס אים קומט פאַר איבערצולעבען און אויך אים דערציילט, אַז צוליב פאַניען וויל ער ווידער ווערען אַ איד. דער קריסט האָט עס נישט אָנגענומען ערנסט און ער האָט אין שפּאַס אַ זאָג געטאָן צו סאַמואיל׳ן:

—און וואָס וועט זיין דאַן, ווען פאַניע שטאַרבט נאָך דער חתונה און דו פאַרליבסט זיך אין אַ קריסטין, דאַן בייטסטו ווידער דעם גלויבען, און דערנאָך אויב דו האָסט נישט קיין פּרנסה— ווידער געזוכט אַזעלכע מיטלען? ניין, חבר סאַמואיל, דאָס איז אַ גליטשיגער וועג. אויב מען קאָן נאָך שענקען אַזאַ טאַט, איז אודאי נישט מער ווי איין מאָל.

אַ קאַלטער שווייס האָט סאַמואיל׳ן אָפּגעגאָסען נאָך די דאָזיגע ווערטער: ער האָט זיך גענומען אויף אַ וועג, וואָס איז אויסגעזייט מיט דערנער, ער מוז גיין פאָראויס, צוריק איז דער וועג פאַרשלאָסען, דאָך פאַניע, פאַניע שטייט אויף דעם וועג. ער האָט פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגען, ווי ער וואָלט וועלען איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרגעסען פאַניע׳ס בילד...

ער וועט גיין פאָראויס; נאָר וואוהין וועט ער קומען? וועט ער פריינט געפינען? די פאַרצווייפלונג האָט אים שטענדיג אַזוי געמאַטערט.

ער איז געוואָרען אויפגערעגט און פאַרביטערטער. יעדען טאָג פלעגען צוקומען נייע צרות: פון דעם אַ באַליידיגונג, פון יענעם--אַ קאַלטען פאַראַכטענדען בליק. פאַניע פלעגט פאַרברענגען מיט אַנדערע און די לעצטע צייט איז זי אַרומגעגאַנגען מיט אַ אידישען סטודענט, בלויז מיט דעם איינעם. סאַמואיל האָט שוין פון אַנדערע געהערט, אַז זיי זיינען פאַרליבט, ער האָט געפילט, אַז מיט פאַניען ווערט פאַר אים אַלץ פאַרשוואונדען. ער האָט געשוויגען און געליטען, ער פלעגט איצט מיט מער היץ זיך פאַרטיידיגען קעגען די, וואָס פלעגען אַרויסטרעטען געגען אים. אַלע

האָבען געוואוסט, אַז ער איז אַ גע׳שמד׳טער, ער האָט זיך שוין צו דעם אַזוי פעסט צוגעוויינט, ער האָט געהאַט גאַנצע פעק אַר-גומענטען געגען זיינע שונאים, נישט אַלעמען פלעגט זיך וועלען מיט אים דיספוטיר׳ען, מען האָט אים געהאַלטען פאַר אַ קלוגען סאַרקאַסטישען מענשען. און עס איז קיין וואונדער ניט געווען וואָס ער פלעגט אַזוי פלינק אָפענטפערן דעם צווייטען: דער מענש איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי אַ זינדיגער, האָט ער אויך שטענדיג געזוכט זינד ביי פרעמדע, באַמערקט זייערע שוואַכע זייטען און ביי אַ געלעגענהייט עס אויסגענוצט. עס זיינען פאראן אַ סך מענשען, וועלכע טוען אָפּ וועלכע עס איז זינד, פאַר וועלכע דאָס געזעץ באַשטראָפט זיי אפילו נישט, דאָך פילען זיך די מענשען שולדיג און האַלטען זיך שטענדיג אין אַ זייט, זיי גיבען אליין ניט קיין ווערט זייערע ווערטער און מעשים; אַן אויסנאַם זיינען אָבער די נאַטורען, וועלכע האָבען צו פיל טעמפּעראַמענט אין זיך און וועלכע ווילען שטענדיג גערעכט זיין. אַזעלכע מענשען ווערען פאַרברענט פון אַ אינערליכען פייער, פון זייער קראַפטלאָזיגקייט, מיט וועלכער זיי קאָנען ניט באַזיגען אַלעמען—סאַמואיל האָט אָנגעהערט צו אַזעלכע טיפּען: שווייגען האָט ער נישט געקענט, ער האָט נישט געקענט בלייבען פּאַסיוו צו דאָס אַרומיגע און צו זיך אַליין...

אין אַ הערבסט-אָוונט איז ער געקומען צו באַקאָנטע, ביי וועלכע ער איז שוין אַ לענגערע צייט נישט געווען. אַריינקו-מענדיג פון דער גראער נאַסער גאַס אין אַ פריילּיכען באַלויכ-טענעם צימער, איז ער אויפגעלעבט געוואָר׳ען. ער האָט זיך באַ-גריסט מיט אַלעמען און צו יעדערען אויסגעשטרעקט די האַנט. אין יענער געזעלשאַפט איז אויך געווען אַ יונגערמאַן, וועלכען סאַמואיל האָט נישט געקענט. מען האָט זיי פאָרגעשטעלט, נאָר ווען סאמואיל האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו יענעם, האָט דער יונגערמאַן געמאכט זיך נישט זעענדיג און זיך פאַררעדט מיט עמיצען. סאַמואיל׳ס האַנט איז אַ רגע געבליבען אין דער לופטען הענגען... עטליכע שטימען האָבען מיט אַ מאָל געפרעגט: „וואָס באַדייט עס?״ דער יונגערמאַן האָט זיך אויפגעהויבען, און געבע-

טען ערלויבניש צו פאַרלאָזען די געזעלשאַפט. סאַמואיל האָט זיך אים געשטעלט אין וועג און געזאָגט: „פריער וועט איר גע-בען אַן ערקלערונג, פאַרוואָס זענט איר זיך מיט מיר אַזוי באַגאַנגען?״

פיל פון די פאַרזאַמעלטע האָבען גאַנץ גוט געוואוסט די סבה פאַרוואָס דער יונגערמאַן האָט אים די האַנט נישט געגעבען. עס איז געווען פאַר זיי אַ באַקאַנטע זאַך: פאַר פיל האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז קיין גע׳שמד׳טען גיט ער די האַנט נישט, איצט האָבען זיי געזען, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס, עס איז אַלעמען זעהר אומאַנגענעם געוואָרען. אַ קורצע שטילקייט האָט זיך געצויגען, באַלד האָט זיך דער יונגערמאַן אָנגערופען:

— פאַר קיינעם איז דאָס קיין סוד. איר זייט גע׳שמד׳ט, און איך... איר מעגט אויף מיר קוקען ווי איר ווילט... איך גיב נישט קיין גע׳שמד׳טען די האַנט. סאַמואיל איז געשטאַנען בלייך און אים אויסגעהערט, דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען...

— איר האָט מיך שרעקליך, שרעקליך באַליידיגט, נאָר איך וועל אָנשטרענגען מיין גאַנצע קראַפט און זיין רואיג, איך וויל אייך פרעגען, ענטפערט מיר, צי איר זייט אויפריכטיג? „יאָ״ זאָגט איר? איצטער ענטפערט מיר, צי דער מענש איז שוין אַליין גאָרנישט? איך האָב געטאָן ווי איך האָב פאַרשטאַנען—ווען איך האָב זיך גע׳שמד׳ט; איך האָב זיך אַליין אויסגעקליבען מיין גיהנם מיט מיין גן-עדן, מיט וועלכע רעכט קריכט איר אין מיין נשמה אומגעבעטענערהייט?

דער יונגערמאַן האָט אים געענטפערט:

— איך אַנטלויף מיט אַלע מעגליכקייטען, ווען עס קומט צו אַזעלכע קאָנפליקטען. פון איין זייט בלוטיגט מיר דאָס הארץ, וואָס איך באַליידיג אַ מענשען און פון דער צווייטער זייט הייבט זיך אויף מיר אַ גוואַלדיגער שטורם, איך קאָן אייך און נאָך אַזעלכע אין די אויגען גלייך נישט קוקען, פאַרוואָס? איך ווייס נישט... צו פאַרבערגען און אפילו צו מערדער ר... איך זיך נישט מיט אַזאַ האַס-געפיל, ווי צו די, וואָס גייען אַוועק פון אונז, מיר האָבען דאָך טויזענטער גלייכגילטיגע, מיליאָנען גלייכגילטיגע

אידען, וו [illegible] יט נישט אָן דער גורל פון גאַנצען פאָלק, דאָס שרעקט נישט אַזוי ווי דער אַוועקגיין, דער איבערגיין צום שונא׳ס לאַגער: מיט׳ן איבערגיין באַשטעטיגט איר, אַז מיר זיי־נען פאַרדאָרבען, מיאוס און פאַלש, און זיי, צו וועלכע איר קומט, זיי זיינען די גוטע, זיי טראָגען ליכט און אמת... איר זייט פאַררעטער! איך גיי צייטענווייז אַוועק און פון ווייטען סטאַרע איך זיך צו זיין בלויז א צושויער, איך קוק זיך איין און ווער אַנטציקט פון דעם לעבענס־ווילען, וואָס לעבט אין אייביגען פאָלק, ביי די אייביגע וואַנדערער... ס׳ראַ גערוואַלדיגע מלחמה דאָ ווערט געפירט. „אויסראָטען, אויסראָטען" ווערט אומעטום געפרע־דיגט. „אויסרייסען ביז׳ן וואָרצעל" און דאָך איז נישטאָ אַזאַ קראַפט וואָס זאָל אונז פאַרניכטען; די קראַפט ווילען זיין די, וועלכע אַנטלויפען פון אונז, די וואָס זוכען מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיגען...

דער יונגערמאַן האָט גערעדט מיט׳ן גאַנצען פייער פון זיין נשמה, ער האָט געמאָלט די טראַגעדיע, וואָס יעדער אַוועקגייענ־דער ברייננגט אריין אין די הערצער פון זיינע עלטערן, פריינט און פון פאַרשוועכטען שטאָלץ...

סאַמואיל האָט אים געוואָלט ענטפערן, נור צום ערשטען מאָל האָט ער איצט דייטליך געפילט, אַז זיין גאַנצע פאַרטיידי־גונג איז אַן איבריגע זאַך: אויף זיין זייט איז קיינער נישט, מען גלויבט אים נישט, ער איז אַליין, אַליין... פּלוצלונג האָט ער עפּעס אַ ברום געטאָן און ארויסגעלאָפען פון צימער. ס׳איז געווען אַ נאַסע נאַכט, אומעטום און איינזאַמקייט האָט געשוועבט אַרום יעדען פאַרבייגייער, ער האָט אויפגעהייבען דעם קאָפּ און אַרומגעקוקט זיך: הויכע גרויסע מויערן, אַנדערע מיט באַלויכ־טענע פענסטער, אַנדערע פינסטער, נאָר אַלץ האָט אויסגעזיין אַזוי פרעמד, ער האָט אַ טרויעריגען זיפץ געטאָן... אָ, עס וואָלט זיך וועלען אַמאָל זיין אין שטעטעלע און זיך אויסרוען, אויס־שלאָפען פאַר דער גאַנצער צייט, צופאַלען צו וועמענס שויס און אַלעס, אַלעס אויסדערציילען. ער האָט דערפילט אַזאַ שרעקליכע איינזאַמקייט, אַז טרערען האָבען אָנגעהייבען אינווייניג בריען.

באַלד איז ער אָבער אויף דעם שטאָלץ געוואָרען, גרויס געוואָרען מיט אַזאַ ליידען...

ער האָט געקלערט זיינע אַלטע געדאַנקען. איצט אין דער רואיגקייט אויף דער גאַס האָט זיך אַביסעל זיכערקייט צו אים אומגעקערט, ער לעבט דאָך מיט אַ אידעע: „אַלע און איינער". די „אַלע" ווילען דעם „איינעם" קיינמאָל קיין פרייהייט נישט געבען, זיי ווילען ער זאָל טאָן דאָס, וואָס זיי טוען, קיינמאָל זיך נישט אָפּרייסען, קיינמאָל נישט אַרויסשפּרינגען אַ ביסעלע העכער, ווייטער, באַזונדער... אָבער מען דאַרף זיך צוגעוויינען צום ליידען, דאַן זיינען די „אַלע" אנמעכטיג קעגען דעם „איינעם"...

מיט די געדאַנקען איז ער צו זיך אַ היים אַרויפגעקומען. נאָר ווען ער איז אין צימער אַריין און ליכט אָנגעצונדען, איז ער גלייך אַנטקעגען שפּיגעל שטיין געבליבען. „ביזט ווידער דאָ?" האָט ער מיט כעס אויף זיך אַליין אַ געשריי געטאָן און אויסגעשטרעקט די האַנט צום שפּיגעל... צי דען איז טאַקע זיין געזיכט אַזוי פאַרטרויערט? צי דען איז גאָר נישטאָ קיין מיטעל איבערצומאַכען אָט די שטריכען פון זיין פּנים, וועלכע גיבען אים שטענדיג אַרויס? ער האָט מיט די נעגעל צוגעריסען(?) זיין פּנים, ווי אַ חיה וואָלט ער פון זיך די הויט אַראָפּגעריסען... און פּלוצלונג באַמערקט ער, ווי פון שפּיגעל לאַכט ווער צו אים, לאַכט אַזוי רואיג, אַזוי שפּאָטיש: „ס'איז פאַרפאַלען... וועסט אייביג אַזוי ליידען... איך וועל אַזוי גיך ניט פאַרשווינדען".

ער האָט אַ שליידער געטאָן אן דער ערד דעם שפּיגעל. די שטיקלעך גלאָז האָבען זיך אין אַלע ווינקעלעך געוואַלגערט און פון די אַלע שטיקלעך שפּיגעל האָבען אויף אים טרויעריגע, האַלב-משוגע'נע אויגען געקוקט, געלאַכט פון אים און אים באַדויערט. ער האָט פאַרשטעלט די אויגען און געוויינט אין דער הערבסט-נאַכט מיט דער נאַכט אינאייגעס...

# נקמה

ער האָט ערהאַלטען אַ בריף, אין וועלכען זי שרייבט אים, דאָס זי וויל זיך זען מיט אים און וועגען עפּעס ריידען. זי בעט אים זעהר, ער זאָל איר די געפעליגקייט טאָן און קומען צו גיין; אין נאָמען פון זייער ליבע, פון זייערע פריערינע באַציאונגען, וועלכע זי מיינט עס טאַקע מיט דער איצטיגער זעאונג צו ליקווידירען. ער האָט אַ שמייכעל געטאָן: ליקווידירען זייערע באַציאונגען! צי דען איז דאָס שוין נישט געשעען מיט אַ חודש צוריק, ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז ער פילט זיך קאַלט צו איר און נאַרען וויל ער נישט. זי וויל זיך אָבער, ווייזט אויס, נאָך ראַטעווען, זי זוכט נאָך מעגליכקייטען. עס האָט אים איצטער אַפילו פאַרדראָסען אויף איר: צי דען האָט ער נאָך ווייניג גערעדט מיט איר, אַז זי זאָל נאָך ביז איצט נישט פאַרשטיין, דאָס מיט אַזאַ האַלטען זיך פאַרלירט זי אַלץ ביי אים; קיין שיינע ערינערונג וועט אַפילו נישט בלייבען. און אין דער אמת'ן: מענשען האָבען שטענדיג פיינט די, וואָס גיבען זיך אונטער, איבערהויפּט איז עס צו באַמערקען אין די באַציאונגען צווישען מאַן און פרוי: דער

מאַנסביל האָט ליב צו קומען און זיגען, וואָס שווערער דער קאַמף, אַלץ זיסער דער זיג.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. מען דאַרף באַטראַכטען, וואָס דאָ צו טאָן. זי וויל זיך זעען... און אפשר מיינט זי עס טאַקע צום לעצטען מאָל און נאָכדעם וועט זי אים שוין לאָזען צורו, און אפשר, אפשר... ער האָט זיך נישט דערשראָקען, פּאָטש אַ שוידערהאַפטיגער געדאַנק האָט אים פּלוצלונג באַהערשט... אפשר האָט זי ערגיץ-וואו באַקומען אַ רעוואָלווער און זי וואַרט אים אָפּ ביי זיך אין צימער. וואָס מער ער האָט געטראַכט פון דעם, אַלץ זיכערער איז ער געוואָרען אין דעם געדאַנק. ער האָט זיך איצטער דערמאָנט פיל פאַרגעסענע פּראַזען, וואָס זי פלעגט אַריינוואַרפען אין געשפּרעך, ווען עס פלעגט אויסקומען צו ריי-דען וועגען אַזאַ ענין. אַמאָל האָט ער פאָרגעלעזען פאַר איר אַזאַ פאַקט: אַ פריילין האָט דערשאָסען אַ בחור, דערפאַר ווייל ער האָט זי אויפגעהערט צו ליבען. ער האָט דאַמאָלס געלאַכט פון דער נאַרישער ראַכע. זי האָט אָבער פאַרטיידיגט דער מערדערין; דערנאָך האָט זי איינגעשטימט מיט אים, אַז די ראַכע איז געוועזן נוצלאָז און איבעריג. ער האָט זיך אויך דערמאַנט, ווי איינגעשפּאַרט און פאַרביסען זי ווערט אַ מאָל, קיין זאַך האַלט זי דאַמאָלס ניט אָפּ.

ער האָט באַשלאָסען, אַז גיין מוז ער. פאַר קיין פרעמדען וועט ער זיך נישט ווייזען. באָר פאַרזיכטיג דאַרף מען זיך האַלטען, ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף זיין קאַלטבלוטיגקייט און כח.

זי האָט אים אָפּגעוואַרט אין דעם זעלבען צימער, וואו זיי האָבען פריער אַזוי פיל גליקליכע שעה׳ען פאַרבראַכט: דאָ הענגען נאָך די בילדער, מיט וועלכע ער האָט אויסגעפּוצט זייער קליינעם גן-עדן, דער געלער קאַנאַריק — דער עדות פון זייער ליבע-איז זיך, ווי פריער אַרומגעשפרונגען אין זיין שטייגעל און געזונגען. אַ ברייטער פּאַס זון-ליכט האָט זיך אויסגעשפּרייט, ווי אַ זילבערנער דיוואַן ביי איר אין צימער. אויף אַ רגע איז ער געבליבען שטיין איבערראַשט ביים טיר; ער האָט זיך אַרומגע-

קוקט, און עס האָט זיך אים אין דער רגע אויסגעדוכט, אַז די זעלבע באַציאונגען געדויערן נאָך, זיי האָבען זיך נישט פאַר-באַנדערגעגאַנגען, נור דערזעענדיג אירע בייזע צונויפגעפרעסטע ליפען, איז ער צו זיך געקומען און ערשט דאַן זי באַגריסט:

— גוט מאָרגען, בעלאַ!

און זי מיט'ן זעלבען ענטפער:

— גוט מאָרגען, זיגמונד!

ער איז געבליבען שטיין אין דער זעלבער פּאָזע ביי דער טיר, ער האָט אויף איר יעדע באַוועגונג גוט אַכטונג געגעבען.

— האָסט געוואָלט מיט מיר עפּעס ריידען, בעלאַ! עפּעס אַ מאָדנעם וואָרט האָסטו אויסגעטראַכט: „ליקווידירען די באַצי-אונגען". צי דען דאַרף מען ביי אַזעלכע זאַכען זיך אונטערשריי-בען, גיין צום נאָטאַריוס, צי דען?

זי האָט אים איבערגעשלאָגען:

— איך וויל דיך פרעגען צום לעצטען מאָל, מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו זיך געשפּילט מיט מיין יוגענט, מיט מיין נשמה? די אויגען האָט זי געהאַלטען אַראָפּגעלאָזען, איר שמאָ-לער גראַציעזער קערפּער האָט לייכט געציטערט. אויף די אַקסלען האָט זי געטראָגען אַ לאַנגען, ווייסען שאַל, אונטער וועלכען זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען די רעכטע האַנט. זיגמונד האָט עס גוט באַמערקט און זיך צוגעגרייט.

—דו ווילסט פון מיר אַ עהרליכען ענטפער? איך וועל דיר אַזאַ ענטפער געבען, דאָס איז דאָסאַ ייגציגע, וואָס איך קאָן פאַר דיר טאָן, און טאַקע צוליב אַזאַ ענטפער מוז איך זיין רואיג און זיכער, דעריבער...

ער איז צוגשפּרונגען צו איר, זי אָנגעכאַפּט פאַר דער רעכטער האַנט, און אין דער צייט ווען זי האָט אַ געשריי געטאָן און מאַכטלאָז זיך געראַנגעלט, האָט ער איר די האַנט אויפגע-עפענט און אַרויסגענומען אַ קליינעם רעוואָלווער. ער האָט אים אַ ווילע באַטראַכט, אַ שמייכעל געטאָן און דערנאָך דעם שטאָלע-נעם מלאך-המות אין קעשענע אַריינגעלייגט...

— איצטער וועל איך דיר אויף אַלץ ענטפערן, זי האָט

זיך אָבער נאָך נישט באַרואיגט. ווי אַן אומשעדליכע שלענגעל האָט זי זיך איצטער געצאַפּעלט, זי האָט קוים אַרויסגערעדט די פּאָר ווערטער:

— פון וואַנען האָסטו געוואוסט?

— מיר איז פריער איינגעפאַלען אַזאַ געדאַנק און דערנאָך האָב איך באַמערקט, ווי דו האַלטסט די רעכטע האַנט. פאַר-שטייסטו גאַנץ גוט, אַז פאַר מיר איז גלייכער דו זאָלסט אַזאַ גאַרישקייט נישט טאָן. עס ווילט זיך נאָך אַביסעל לעבען. נאָר איצטער צו דער זאַך: דו האָסט זיך געפרעגט, וואָס פאַר אַ רעכט איך האָב געהאַט זיך צו שפּילען מיט דיין נשמה, וועל איך דיר פרעגען, פאַרוואָס האָסטו די זעלבע פראַגע מיר נישט גע-געבען דאַן, ווען איך האָב זיך געשפּילט, נאָר דאַן האָסטו נישט געפרעגט, ווייל געשפּילט האָבען מיר זיך ביידע, ביידע האָבען מיר געשפּילט גלייך אין פאַרגעניגען פון דער האַרמאָניע, וואָס האָט אונז פאַראייניגט. איך בין דען שולדיג, אַז היינט איז די האַרמאָניע נישט פאַראַן? ווי אַזוי איז דאָס געשעען? איך ווייס נישט?.. נאָר צו דיר, בעלאַ, בין איך היינט גלייכגילטיג, אמת, דו ליידסט. נאָר וואָס ווילסטו, איך זאָל דאָ בלייבען און זיין מיט דיר אין דער צייט, ווען מיין האַרץ און מיינע גע-דאַנקען זיינען דאָ נישטאָ. איך האָב גענוג געטראַכט פון דעם, גענוג געליטען. אויב אַ גוטער איז נישט לייכט צו זיין, איז אַ שלעכטער נאָך שווערער צו זיין. בעלאַ! דו פאַרגעסט אַ קלייניג-קייט: דאָס זעלבע וואָלט געקאָנט זיין פאַרקערט: דו וואָלסט פון מיר אַוועק, איך וואָלט געבליבען איינזאַם, און דאַן האָב איך געזאָלט טאָן דאָס זעלבע, וואָס דו: נעמען אַ רעוואָלווער אין האַנט און דיך איינלאַדען צו זיך, ביין! איך האָב שוין געהאַט אַזאַ איבערלעבונג. איך האָב געליטען פון אייפערזוכט און נישט גע-גלויבט, אַז איך וועל ווען עס איז ווערען רואיג, און דאָך איז עס אַזוי; דו ביזט געקומען און מיר פיל גליק געגעבען, דאָס אַמאָליגע ליידען איז פאַרגעסען געוואָרען. איצטער גיי איך אַוועק פון דיר. און דו האָסט מיר געוואָלט דערפאַר דער׳הרג׳ענען. וואָס האָסטו געמיינט, אַז דער טויטער זיגמונד וועט דיר געבען

מער ווי דער לעבעדיגער?
בעלאַ האָט די גאַנצע צייט געשוויגען; איצטער האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויינט און אין וויינען גערעדט צו זיך:
— אָבער וואָס זאָל איך טאָן? וואוהין זאָל איך גיין? דו ביזט געווען דער ערשטער, וועמען איך האָב געליבט, דו ביזט דער ערשטער, ווער עס פאַרשאַפט מיר אַזוי פיל יסורים.
— וואָס זאָלסטו טאָן? דאָס איינציגע, וואָס איך קאָן דיר ראַטען... פאַרגעס אָן מיר, רוף מיך ניט מער און זיי געדולדיג אין ליידען. נו ווערסט זען: עס וועט אַוועקגיין אַ צייט, וועסטו אַליין אָנהייבען שמייכלען צום לעבען, ביזט נאָך יונג און שיין. איך וויל דיך נישט טרייסטען איצטער, איך רייד עס ערנסט:— כל זמן מען איז יונג און געזונט, קען מען געפינען גליק...
זיגמונד האָט עס גערעדט צו איר, ווי צו אַ גוטען פריינט. ער איז צוגעגאַנגען נענטער צו איר און איר אָפּגעגעבען צוריק דעם רעוואָלווער.
און בעלאַ האָט זיך איצטער געוואונדערט, ווי אַזוי, ווי אַזוי האָט זי זיך דאָס געקאָנט באַשליסען פריער אויף אַזאַ שרעקליכע זאַך? וואָס איז ער אין דער אמת׳ען שולדיג? זי האָט זיך דערמאַנט ווי טריי דער זעלבער מענש איז איר געווען און צום לעצטען מאָל האָט זי זיך געבעטען ביי אים:
— זיגמונד, גיי נישט אַוועק, איך וועל דיין קנעכט זיין, גיי ניט אַוועק... זיי אַ גוטער! נאָר ער האָט געענפערט:
— ניין, פאַר דיר מוז איך שוין בלייבען אַ שלעכטער, זיי געזונט!
און ער איז האַסטיג אַרויסגעלאָפען פון צימער.
זי איז געבליבען אַליין. אויפ׳ן טישעל האָט זיך געוואַלגערט דער רעוואָלווער, אויף וועלכען זי האָט זיך געשעמט אַ קוק צו טאָן. דער קאַנאַרעק האָט געזונגען און בעלאַ האָט ביטער געטראַכט און אַליין ניט געוואוסט, וואָס דאָ איז איצט פאָרגעקומען: אַ טראַגעדיע, צי אַ קאָמעדיע?

## יאַן דער קוימענקערער...

דער קאַזשימיעזשער מאַרק-פּלאַץ איז ליידיק... היינט איז קיין יריד נישטאָ, די זון וואַרעמט, די זון האָט אויסגעטרוקנט די שטיינער אויף ווייס-גרוי. עטלעכע טויבן, אַ ציג, אַ וואַסער-טרע-גער... מער זעט מען קיינעם נישט, עס מאַכט אַ איינדרוק, אַז דאָס שטעטל שלאָפט. טיף אין די געוועלבן האָבן זיך באַהאַלטן די קרע-מער און זיי קילן זיך דאָרטן אָפּ צווישן די גרויע הינדערט-יע-ריקע ווענט פון די אַלטע געביידעס. אָט אַזוי גייען שעהן אַוועק אין האַלבן דרימל. דער זוניקער טאָג האָט די מענטשן מיד גע-מאַכט, מיד און פויל...

און אַז די שטילקייט ווערט נאָך שטילער, הערט מען, ווי דאָרט איבער די מויערן, הינטער דעם לאַנגען פּאַס הייזער, רוישט דער טייך. דאָרטן לאַכט מען, דאָרטן באָדט מען זיך, דאָרטן אין די קילע פּאַליעס פון שטראָמיקן ווייסל אָטעמען מענטשן פריילע-כער, מונטערער.

אויף דער זון גלאַנצט דער צלם פון קאָשטציאָל, און די קעפּ פון די זאַמדיגע בערג טריקענען ווי די פליכעוואַטע שאַרבנס אויף דער זון. אַזוי פּאַראַיאָרן, אַזוי מיט צען, מיט הונדערט, מיט טויזנט יאָר צוריק.

אַ טרעל פון אַ פויגל, אַ זשומען פון אַ בין, אַ געשריי פון אַ בהמה... די אַלע טענער זענען דאָ היימיש, איינגעבאַקן אין האַרצן און איצט באַגט עס אין די מידע געהירן, פונקט ווי מענטשן וואָלטן וועלן עס זאָל נאָך שטילער ווערן, רויקער זאָל ווערן... אַ זיסע אָפּשטאַרבונג זאָל קומען, אַ שלאָף אין מיטן זוניקן טאָג, ווייל קיין מסחר מאַכט מען איצט סיי-ווי נישט.

הייס, טרוקן. רויק, ווי אַ בית-עולם.

דער ליידיקער גרויסער מאַרק זעט אויס, ווי אַ קינאָ-ליינוואַנט, אָבער עס געדויערט לאַנג, ביז אויף דעם ליינוואַנט נעמט זיך עפּעס באַוועגן.

פון ערגעץ-ווו... פון וועלכן וועג? פון זאַגלאָבי, צי פון דאָרף ראָגאָוו? פון אָפּאָליער וועג צי פון וואָוואָלניצי? אויפן מאַרק איז

אָנגעקימען אַ פויער, צופוס איז ער געקומען. ווייזט אויס א גרויסער קבצן. זיינע דאָרפישע בגדים דערציילן נישט פון קיין גוטן לעבן, ער איז באָרוויס דער פויער, ער האָט געבראַכט צו פאַרקויפן אַ האָן...

אויפן גרויסן קינאָ-לייוונט, אויף דעם מאַרק-פּלאַץ פון קאַזשימיעזש, האָט זיך באַוויזן דער סילועט מיט אַ געל-גאָלדענעם האָן. דער האָן איז מיד פון דער היץ, ער עפנט כסדר זיין שנאָבל-פּיסק און אָטעמט, פון גרויס מידקייט פאַרמאַכן זיך ביי אים די אויגן, אַזעלכע דינע הייטעלעך פאַרציען זיך איבער זיי. דער האָן שלאָפט און דער פויער וואַרט, מען זאָל קומען קויפן בא אים דעם עוף.

עס געדויערט נישט לאַנג: פון איין אָרט באַווייזט זיך אַ יידענע, זי גייט גלייך צום פויער, נעמט אַרויס פון זיין האַנט דעם האָן, זי טאַפט און בלאָזט, בלאָזט און טאַפט... און גייט אַוועק.

קומט אַ צווייטע יידענע און טוט דאָס זעלבע, אַ דריטע, אַ פירטע. עס קומען צו צום פויער יידן — ערנסטע, בערדיקע און יעדער אייגער בלאָזט אין דעם האָנס פעדערן, אין אַזאַ אָרט, וווּ מען קען זען צי דער עוף איז פעט.

דער פויער האַלט זיך פעסט, ער וויל ביליק נישט אוועקגעבן און די יידן ווילן טייער נישט באַצאָלן. מען דינגט זיך לאַנג, מען לאַכט אויס זיין פרייז...

און מיט אַ מאָל ווערט עס געמאַכט: רער פויער האָט שוין ליידיקע הענט. ער שטייט אַ רגע אויפן מאַרק, קוקט זיך אַרום אין וועלכער זייט די פיס צו שטעלן, אין וועלכן שענק?

ווידער ליידיק דער מאַרק, די זון וואַרעמט און ברענט. גלייכגילטיק אָן שום ווילן...

איצק זעט נאָך מער אויס די וועלט ווי אָפּגעשטאָרבן.

דער פויער האָט שוין זיין האָן פאַרקויפט, מיט דעם איז וועלט און לעבן שוין דערליידיקט...

שפּעטער ווערט עס דער מאַרק אויפגעלעבט. גאָר פּלוצלונג קומט עס: יאָן דער קיימענקערער באַווייזט זיך אויף דעם

קינאָ־לייוונט פון קאַזשימיעזשער מאַרק־פּלאַץ הויבט זיך אָן אָפּ־שפּילן אַ גראָטעסק..

זיין אויסזען אַליין רייסט צו מיט געוואַלט צו זיך יעדנס בליק, דאַר און שוואַרץ, שוואַרץ און דאַר. אויסגעטריקנט דאָס פּנים, די הענט און פיס משונהדיק לאַנג, איין אַרבל צו קורץ׳ דער צווייטער צו לאַנג, דאָס זעלבע די הויזן. און צוזאַמען מיטן שוואַרצן בעזים, מיט דעם שוואַרצן שטריק — דאָס בילד איז פאַרענדיקט.

קיינער ווייסט נישט, ווו ער ווערט פאַרשוווּנדן בעת ער איז ניכטער, דערפאַר ווען ער איז שכור, איז ער שטענדיק אויף דער גאַס, אויפן מאַרק־פּלאַץ. ער קומט אַרבעטן און ער קומט זיך ווײַלן און ווײַלן דעם עולם.

שיכּורעהייט קריכט ער אויף די דעכער. מענטשן טראַכטן: אַ סכּנה, דער באַגלעזלטער שוואַרצער נפש וועט באַלד הענט און פיס צעמרעכן, אָבער יאַן דער קוימענקערער איז אויך אַ קונצנ־מאַכער, וואָס מער גלעזלעך ער גיסט אַריין אין זיך, אַלץ פלינקער איז ער אויפן דאַך. און דאָס איז זיין גרעסטע פרייד, ווען ער זעט, ווי מען קוקט אים נאָך, ווי דער עולם ציטערט פאַר זיין פּעקל דאַרע ביינער. ער האָט ליב זיך צו רייצן מיט דעם עולם..· דוכט זיך, אַז ער וויל כאַפּן אַ טענצל אויף דעם קוימען, שטייט און שאָקלט זיך מיטן גאַנצן קערפּער און זינגט צו „אוי־דאַנאַ”. ווען ער שטייט אויפן דאַך איז ער דאָך העכער פאַר אַלעמען און קיינער קאָן צו אים נישט צוקומען. דאַמאָלסט לאָזט ער זיך פריי מיט דער צונג, רעדט מיאוסע רייד, אַזוי אַז די מאַמעס שלעפּן אַוועק פון מאַרק די יונגע מיידלעך און די יונגע מיידלעך כאָטש זיי רויטלען זיך, מאַכן זיי זיך אָבער דערביי גלייכגילטיק, פּונקט ווי זיי וואָלטן אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען. יאַן דער קוימענקערער באַמערקט צווישן עולם אַ יונג ווייבל, אַ יידיש ווייבל, וואָס האָט מיט אַ וואָך צוריק חתונה געהאַט און זיין צונג רוט שוין נישט: דאָס ווייבל מוז אַנטלויפן.

יאַן דער קוימענקערער..

ער שפּרייזט און אַ לאַנגעד שאָטן מיט אַ בעזים שפּרייזט

אים נאָך און מיט דעם איז ער דאָך געוואַלטיק אָריגינעל, וואָס אנדערע מענטשן גייען גלייך און ער שאָקלט זיך אין קאָמישע זיגזאַגן...

ער שפרייזט און זינגט:

„מיין אַלטע איז אַ צרה

„זאָל זי... אין קבר זינקען...

„וואָס איז דאָס פאַר א אשה,

„וואָס לאָזט דעם מאַן נישט טרינקען?"

מיט אַ מאָל לעבט עס אַלץ אָפּ אויף דעם מארק. יונג און אַלט באַווייזט זיך. די מידע פוילקייט פון טאָג גייט אַוועק, פונקט ווי יאָן וואָלט עס זיין אַ שליח, וואָס וועקט אַלעמען אויף. דערזעט ער מיט אַ מאָל אַזויפיל פנימער, ווערט אַ ביסל איבערראַשט און ער שטעקט צו אַלעמען ארויס אַ רויטע צונג... לאַכט דער עולם. ווערט ער בייז און ער נעמט שילטן, זידלען:

— זשידעס! וואָס לאַכט איר? ווען נישט איך וואָלט איר דאָך שוין לאַנג אַלע פאַרברענט געוואָרן, ווען נישט איך מיט מיין בעזים... און ער קלערט נישט לאַנג, ער ווערט פאַרשוווּנדן אין אַ געמויערטן דורכגאַנג און אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז ער שוין אויפן דאַך פון אַלטן מויער. דער דאַך איז פאַרדעקט אין איין אָרט מיט שינדלען. אין צווייטן אָרט פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, מיט בלעך, און איבער אַלץ קריכט דער שכורער יאַן ביז ער קומט אויף זיין פיעדעסטאַל, אויף זיין טריבונע און ער נעמט דרשנען.

דער דאַך איז באַגאָסן מיט זון, איבערן שטעטל הענגט אַ גרויסע ליכטיקייט און דער שווארצער שאָטן אויפן קוימען זעט אויס, ווי אַ שווארצער קלאָאון, ווי אַ שליך פון אַ שפּאַטישן טייוול... ווי דער טייוול אַליין. עס קוקן אויף אים יונג און אַלט.

ער איז אַ מאָל געווען אַ זעלנער בּאַ די רוסן. האָט אָנ־טייל גענומען אין יאַפּאַנישן קריג און שטענדיק, ווען ער גיסט אריין אין זיך אַ ביסל שנאַפּס, קומען עס די דערינערונגען פון יענע צייטן. די באַטאַליע־מאָמענטן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט.

דאַמאָלס פאַרגעסט ער זיין פאַך. דער בעזים ווערט פלוצ־לונג אַ ביקס, דער קוימען אַ האַרמאַט און ער קאָמאַנדעוועט, ער

שיסט, ער באָמבאַדירט דעם אָרעמען קאַזשימיעזש... אָן רחמנות גרויסע קריגס-לייט ווייסן נישט פון רחמנות. נאַפּאָלעאָן, אַלעקסאַנדער פון מוקדון, — אַ כפּרה מעגן זיי גיין פאַר יאַן דעם קוימענקערער...

יענע האָבן געשאָסן מיט ביקסן, מיט האַרמאַטן, און ער מאַכט חרוב וועלטן מיט אַ בעזים...

מיט אַ מאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער איז צו-הויך. ער אויפן קוימען און זיין חיל, די שטעטלעשע יאַטלעך זענען אונטן, לאָזט ער זיך אַראָפּ אונטן אויפן מאַרק-פּלאַץ. ער קלויבט צענויף אַ סך שטיפערס.

און יאַן שטעלט אויס די יאַטלעך אין זעלנערישע רייען, דערביי פאַרגעסט ער נישט עטלעכע מאָל צו דערמאָנען ווער ער איז, קיינער זאָל דאָס נישט פאַרגעסן:

— איך בין קוראָפּאַטקין... יאַ יעססעם..

און ער נעמט שפּרייזן מיט זיינע מחנות... ראַז, דוואַ, ראַז, דוואַ. די יאַטן בויגן זיך ביז דער ערד און לאַכן, איינער פייפט און דער צווייטער אימיטירט אַ פּויק. עס גייט אַ גאַנג, דער שכּורער יאַן זעט גאָרנישט אויס ווי אַ שכּור. אַ שוואַרצער גענעראַל, אָטעלאָ...

אָבער פּלוצלונג...

אַן׳אומגעריכטער שונא באַפאַלט יאַנס מחנה. זיין ווייב...

אַ אַלטע בייזע מכשפה, ווי אַ שטורעם, ווי ווילד-ווינט האָט זיך אַריינגעריסן און צעמישט די רייען. דער גענעראַל מיט די זעלנער זענען זיך צעלאָפן...

און ווי? ווען? די פאָן, דער שטאַנדאַר, דער שוואַרצער בעזים איז בײַ איר אין די הענט. זי שרייט, זי שילט דעם מאַן אירן:

— טשופּיראַדלאַ, שוואַרצע זאַראַזע...

די קינדער האָבן ווייניק מורא פאַר איר. זיי באַרויקן זיך באַלד, רוקן זיך בײַ די ווענט און לאַכן פון דער אַלטער... אָבער יאַן... ווו איז יאַן? אין אַ רגע שפּעטער זעט מען אים שוין אייך אַ קוימען. דאָ וועט די אַלטע צו אים נישט צוקומען און דאָ הויבט זיך אָן דער אמתער קאָנצערט: זיי שילטן זיך, זי אונטן און ער

פון דאַך. עס געדויערט נישט לאַנג און עס ענדיקט זיך נישט. פיל־מאָל בעטן זיי זיך איבער. יאַן זאָגט צו, אַז ער וועט מער נ־שט טרינקען, און זי זאָגט אים צו, אַז זי וועט אים נישט שלאָגן, אָבער ער גלויבט נישט, קוראַפּאַטקין גלויבט נישט, ער האָט מורא... זי וועט איר וואָרט נישט האַלטן.

זי רופט אים אַ היים און ער שיקט איר צו אַלדי שוואַרע יאָר.

עס ענדיקט זיך נישט.

די זון איז שוין אינגאַנצן אַוועק. אַלץ דערעסט און יאַנס דיאַלאָג מיט זיין אַלטער מכשפה דערעסט אויך. דער עולם ווערט שיטערער, די קינדער געפינען זיך אויס אַנדערע פאַרווייליונגען. די יאַניכע זעט, אַז זי קאָן מיט איר שוואַרצן ריטער גאָרנישט מאַכן, גייט זי אַליין אוועק א היים.

די טשערעדעס זענען שוין אַדורכגעגאַנגען, די נאַכט איז שוין דאָ. פלעדערמייז פלאַטערין איבערן מאַרק, שטערן פינקלען אין דער הויכער טיפעניש. עס איז שוין אָנגעקומען די האַלבע נאַכט. דאָס שטעטל שלאָפט.

מיטאַמאָל דערהערט וועווקע, אַז עמיץ רופט אים:

— וועווקא, קאָכאַני וועווקאַ!

וועווקע קוקט זיך אַרום, ער קאָן נישט כאַפּן פון וואַנען דאָס קול קומט, ווערט ער בייז:

— ווער איז דאָס דאָרט צו אַלדי שוואַרץ יאָר?

ענטפערט דאָס זעלבע קול;

— איך יאַן, איך זיץ אויפן דאַך, אויפן קוימען.

— האַ, פאַרברענט זאָלסטו ווערן... וואָס ווילסטו?

— זאָג מיר, וועווקאַ! מיין אַלטע איז שוין אַוועקגעגאַנגען?

לאַכט זיך וועווקע פונאַנדער אויפן קול:

— אַוועקגעגאַנגען, אַלע שלאָפן שוין, קריך אַראָפּ פון דאַך שכורער הונט...

נאָר יאַן גלויבט אַלץ נישט:

— דו נאַרסט מיך, אַלע נאַרן מיך, מיין אַלטע וואַרט אויף מיר, זי וועט מיך דערהרגענען...

און יאַן דער קוימענקערער בלייבט נעכטיקן אויפן דאַך.

# די טאָכטער

מיסטער שוואַרץ שלאָפט...

דאָס איז אַ סימן, אַז ער האָט נעכטען געשפּילט און שטאַרק פאַרשפּילט. דאָס איז שוין אַזוי: ער מעג שפּילען דריי נעכט נאָכאַנאַנד, אויב אָבער ער פאַרשפּילט נישט, שלאָפט ער נישט בייטאָג.

אין שטוב, אין רעסטאָראַן פיהלט זיך, אַז דער בעל הבית האָט גע׳פּטר׳ט אַביסעל געלד. אין קיך האָט מען היינט פאַר־ברענט דאָס פלייש, קיין ביער האָט מען נישט געבראַכט צו דער צייט, די קעץ קריכען אונטער די פיס און לאָזען די געסט נישט עסען, אַפילו די פליגען האָבען היינט גענומען בייזער בייסען.

דער בעל הבית שלאָפט אויפ׳ן אויבערשטען שטאָק, צו וועלכע עס פיהרען די שמאָלע שטיגען... עס ציהט זיך אַ דוש־נער שווערער טאָג. פון פענסטער זעהען זיך גרויע הייזער און דאָס פייפען פון די אויטאָמאָבילען דרינגט אַריין כסדר אין דער לאַנגווייליגקייט פון נאָכמיטאָג־צייט, איצט דאַכט זיך דיר אויס, אַז דער קאָכעדיקער אימפּעט פון דער גאַס איז אויך געוואָרען לאַנגווייליג, מאָנאָטאָן און נישט נויט׳ג, איבעריג.

אָהן אַ מאַרינאַרקע, מיט פאַרשלאָפענע אויגען קריכט אַראָב מיסטער שוואַרץ פון די טרעפּ, וועלכע זעהען אויס צו זיין שמאָל פאַר זיין ברייטען גוף.

ער רעדט נישט צו קיינעם און קיינער רעדט נישט צו איהם,

ער מאַכט איצט אָרדנונג. דאָ שטעהט אַ שטוהל נישט אויפן אָרט, דאָרט האָט ער געפונען אַ שמוציגען טעלער, ביי־זערט ער זיך און ברומט. ווארפט בליקען אויף דער ווייב און אויף דער יונגסטער טאָכטער, נאָר אין דער אמתן געהען זיי אים ביידע נישט אָן. זאָלען זיי זיין אין כּעס, זיי וועלען זיך איבערבעטען.

יאָ, ער האָט געשפּילט די גאַנצע נאַכט און האָט פאַר־שפּילט זיינס און זייער האָרעוואַניע... איז וואָס? ער געווינט דאָך אויך, ער געווינט גאַנץ אָפט. אַזעלכע זאַכן טרעפען גאַנץ אָפט ביי אים אין שטוב, שוין צוגעוואוינט זיך און זיי צו דעם.

דאָס ווייב מיט דער יונגסטע רטאָכטער געהען אים נישט אָן. נאַ־רישע ווייבער! ווען זיי וואָלטען אים פאַרשטאַנען, ווען זיי וואָלטען זיין אַביסעלע קליגער... באמת, ער וואָלט זיי דערצעהלט פאַרוואָס ער האָט פאַרשפּילט: צוליב אַ „קעניג". ער האָט זיך אָנגעזעצט אויף אַ „קעניג" און דער „קעניג" איז נישט אַרויס — איצט פערשטעהט ער פאַרוואָס מען מאַכט אַזוי פיל רעוואָלוציעס אַנט־קעגען די קעניגס, רעכט אויף זיי.

און אַז ער דערמאָהנט זיך, אַז באַלד וועט פון „איסט ענד" קומען זיין עלטערע טאָכטער, זי אַרבייט דאָרט אין אַ ביוראָ, ווען ער דערמאָהנט זיך, אַז זיין סילוואַ וועט באַלד אריינקומען, וועט ער ביי זיך קליין און נעבעכדיק — פאַר איר האָט ער אויך קיין מורא ניט. מיסטער שווארץ איז איבער־הויפּט נישט פון די שרעקעדיגע, דאָס לעבען האָט אים גענוג פערהאַרטעוועט, ער האָט זיך גענוג, גענוג אויסגעליטען, ביז ער, ער איז געקומען צו עפּעס...

פאַר דער עלטערער טאָכטער זיינער שעהמט ער זיך, ווי אַ גנב, ווי אַ פערברעכער. מיט איר רעדט ער אָפט וועגען זיך, וועגען איר, וועגען אַנדערע. זי, די סילוואַ, ווייסט, אַז ער, איר טאַטע, איז גאָרנישט אַזאַ פּראָסטער יונג, אַ געמבלער, אַ קאָר־טען־שפּילער, זי ווייס, אַז דאָס קומט ביי אים אַ סך מאָל פון דער שווערער לאַנגווייליגקייט, פון די לאָנדאָנער, גרויע פאָגעס,

וואָס פאַרלעשען יעדען פונק פון האָפנונג אין אַ מענשענס נשמה. געווען שוין אַמאָל אַזאַ פּאַקט: נאָכדעם, ווי זיי האָבען זיך ביידע גוט אויסגערעדט און פערשטאַנען איינער דעם צווײ=טען, האָט זיך סילוואַ צו אים אָנגערופען:

— היינט, טאַטע, געה אַביסעל! קאָנסט געהן שפּילען, נאָר נעהם נישט מיט קיין סך געלד.

אַזאַ קינד איז דאָס די סילוואַ... זי, וועלכע לייענט אַלע ביכער, זי, וועלכע האָט אַזעלכע אינטערעסאַנטע בעקאַנטע, זי האָט אים אליין געשיקט שפּילען אין קאָרטען — ווייל זי האָט אים פערשטאַנען, זי האָט אים ערלויבט צו טרינקען דעם גיפט, ווייל אָהן דעם איז אים נאָך ערגער געווען...

נאָר אַ צווייטען און אַ דריטען מאָל האָט זי שוין מיטן טאַטען גאָר אַנדערש גערעדט:

— דו טאָרסט נישט פאַרגעסען, אַז דו האָסט צוויי טעכ=טער, דו וועסט פערשפּילען אונזער נדן און מיר בלייבען „זי=צען", קיינער וועט מיט אונז ניט וועלען האָבען צו טון — טעכ=טער פון אַ קאָרטען=שפּילער — פערשטעהסט עס, טאַטע!

ער פלעגט זיך אינעווייניג בייזערן פון אַזעלכע דרשות און דאָך האָט ער געפיהלט, אַז דאָס רעדט צו אים זיין בלוט און פלייש, זיין געוויסען. יאָ, סילוואַ איז פערנונפטיג און פּראַק=טיש אין לעבען און סילוואַ האָט אַזאַ ליכטיג פּנים, אַזאַ דינע, איידעלע הויט בעציהט אירע פרישע בעקעלעך, זי האָט אַזעל=כע דינע, צאַרטע פינגער — ווי קומט צו אים אַזאַ איידעלקייט? זי איז גערעכט, טויזענד מאָל גערעכט — גוט! ער וועט נישט שפּילן...

וויפיל מאָל האָט ער איר דאָס צוגעזאָגט, וויפיל מאָל מיט זיך אליין אָפּגעמאַכט: נישט שפּילען!

און געאַרבייט, געווען גליקליך, וואָס וואָכען געהען אַוועק און ער נעהמט קיין קאָרט אין האַנד נישט.

מיט אַמאָל קומט עס די גיפטיקע ליידענשאַפט, די קאָר=טען נעהמען אין אַ כישוף=טאַנץ זיך דרעהען אַרום — ער זעהט דעם טיש, ער זעהט די צוהיצטע פּנימער אַרום זיך, ער זעהט

דאָס געלד, שוין פולע קעשענעס אָנגעפּאַקט און ער געווינט, געווינט כסדר.

נעכטען איז ביי אים געווען אַזאַ אָוונד, אַלע זענען שוין אַוועק שלאָפען, ער איז געזעסען און סילוואַ אַנטקעגען אים. זי האָט געלייענט אַ בוך, נאָר נישט דאָס בוך איז געווען ביי איר דער עיקר..., זי האָט היינט דערפיהלט דעם טאַטען, זי האָט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ שטימונג ער האָט איצט —

שפּילען, ער קלויבט זיך צו געהן אין גיים־שטיבעל, צו די געמבלערס, אין קעשענע האָט ער בעהאַלטען אַ פּעקעל מיט פונטען. שווער, ביטער פערדינט געלד, ער וועט עס דאָרט אַוועק־געבען אין אַ האַלבער שעה — ניין מען מוז אים אָבהאַלטען.

און אַז דער טאַטע האָט ביי איר ווידער געפרעגט:

— סילוואַ, פאַרוואָס געהסטו נישט שלאָפען? — האָט זי גאַנץ פשוט איבערגעפרעגט;

— און דו פאַרוואָס געהסט נישט שלאָפען.

זיי האָבען זיך ביידע אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען און גוט זיך פערשטאַנען, זיי האָבען זיך געשטאָכען מיט ווערטער, מיט בליקען, ביז זי האָט נישט אויסגעהאַלטען און זי האָט אים געזאָגט;

— וועסט נישט געהן היינט שפּילען, טאַטע! איך וועל זיך שטעלען אין טיר און דיך נישט אַרויסלאָזען...

האָט ער אַ קלאַפּ געטון אין טיש און אַ שפּאַן געטון צו איר:

— איך וועל דיך נאָך אַמאָל דערשטיקען, סילוואַ!

— וואָס פאַר אַ ווערטער רעדסטו, טאַטע!

האָט ער זיך פערשעהמט און אָנשטאָט שטיקען, האָט ער זי גענומען קושען און איבערבעטען.

— איך געה נישט שפּילען, ביזט גערעכט, ביזט אַ טייער קינד. אַזאַ טאַטע איז נישט ווערט אַזעלכע קינדער.

און אַלס בעווייז, אַז ער געהט נישט שפּילען, האָט ער אויפן טישעל אַרויסגעוואָרפען דאָס פּעקעל פונטען.

סילוואַ האָט זיך בערוהיגט און איז אַוועק שלאָפען און

ווי זי איז אַוועק, איז צו אים ווידער געקומען זיין בענקשאַפט, עס האָט גענומען נאָגען די ברוסט, ציהען, ציהען —

אַנ׳אונבעוואוסטע קראַפט האָט אים שפעט ביי נאַכט אוועק־געפיהרט ערגיץ אין אַ פערוואָרפען געסעל פון אַ האַמעלטאָן־ראָד, אין א געמבלער־הויז פון לאָנדאָן.

ער האָט פערשפילט אַלץ, וואָס ער האָט מיטגענומען. און סילוואַן אין די אויגען, ווי וועט ער קוקען ... זי, זי וויס דאָך, אַז ער איז נישט אַזאַ גראָבער יונג, ווי די אַלע, מיט וועמען ער שפילט אין קאָרטען.

---

סילוואַ איז שוין לאַנג געקומען, דער טאַטע אירער מייֵדט אויס צו בעגעגענען איר בליק. ס׳איז אפשר דער ערשטער טאַטע, וואָס האָט מורא פאַר זיין קינד... אָבער, ניין! ער האָט נישט מורא, ער שעהמט זיך מיט זיין זינד, ער איז אינעווועניג רויט פון חרפה. ער האָט נעכטען צוגעזאָגט, אַז ער וועט נישט שפילען. וואָס איז נעכטען מיט אים געווען? וועלכע קראַפט האָט אים ארויסגעפירט פון שטוב? שפעט אין אָווענד איז ער ווידער געבליבען מיט סילוואַן אויג אויף אויג. די ערשטע האָט אָנגעהויבען צו רעדען די טאָכטער:

— טאַטע, דו ביסט אַ גאַנצען טאָג געשלאָפען, דאָס איז אַ סימן, אַז דו האָסט אַלץ פערשפילט.

מיסטער שוואַרץ האָט געשוויגען, ווי אַ געפאַנגענער לייב און געפאַנגען האָט אים אַ יונגע, קלוגע סאַרנע מיט אַ דין הויטיגען פנים, מיט העלע אויגען. זיין טאָכטער, זיין בלוט און פלייש.

זי קוקט אויף אים מיט רחמנות. זי געהט צו צו אים און גלעט אים דעם קאָפּ;

— טאַטע, דו בעדאַרפסט נישט אַזוי אַראָבפאַלען ביי זיך, דו ביזט דאָך אַ טאַטע און איך נישט מער ווי אַ קינד, שריי אָן אויף מיר, טאַטע! וואָס מיש איך זיך אין דיינע געשעפטען? וואָס לערן איך דיך דרך־ארץ... שריי אָן אויף מיר, טאַטע!

נאָר דער טאַטע שרייט נישט. ער טוליעט זיך איין אין די האָר פֿון זיין טאָכטערס קאָפּ און וויינט זיך פונאַנדער, צו־יאָמערט זיך, ווי אַ ביבער.

אַך! ווען זיינע חברים, די געמבלערס וואָלטען געזעהן אַזאַ סצענע, חברה וואָלט געהאַט צו לאַכען אַ גאַנץ יאָהר.

# צרות צוליב טאלענט

דער דירעקטאָר אַליין איז ברייט און גראָב. דער דירעקטאָר איז דער סטאַר, דער „גרעסטער” אין דער וועלט, דער אַלמעכטיגסטער. אויב איר גלויבט נישט אין זיין גוויסקייט, וואַרפט אַ בליק אויף דעם גרויסען בריליאַנט, וואָס ער טראָגט אין זיין שלייף, אַ בריליאַנט אויף אַ פינגער און עטליכע קליינע בריליאַנטען בעפוצען זיין זייגער, זיין פּאָרטסיגאַר איז פון שווערען גאָלד, די ספּינקעס פון גאָלד, זיין פעדער איז אינגאַנצען פון גאָלד און די ציין פון גאָלד... מיט איין וואָרט — אַ גאָלדענער קאַלב.

אַ טעמפּער פּנים, וואָס פּאַסט גיכער פאַר אַ זעלנער פון די אַלטע ניקאָלאַיעווסקי צייטען, איידער פאַר אַן אַקטיאָר, אַ פּנים, וואָס בעוועגט זיך נישט קיינמאָל. די אויגען מעגען זעהן די גרעסטע וואונדער, די שרעקליכסטע אומגליקען — דער טויטלעבעדיגער פּנים פון דירעקטאָר בעוועגט זיך נישט, די ווערטער, וואָס ער רעדט אַרויס געהן גלייך אַוועק אין חלל אַריין, אָהן זיגזאַגען, אָהן רונדיגקייט, פּונקט, ווי ער וואָלט בלאָזען פון אַ לאַנגען שופר, פּונקט ווי ער וואָלט אַרויסרעדען פון בויך, פון זיין ברייטען.

אַלץ איינס, צי ער איז אויף דער סצענע, אָדער ווען ער רעדט פּריוואַט. אַ סטאַטוע בלייבט שטענדיג דיזעלבע, אַ גולם ווערט אויך נישט אַנדערש

דער דירעקטאָר האָט דאָ אַ סך מעהר מאַכט, ווי דער ענגלישער קעניג איבער גאַנץ ענגלאַנד.

דאָ אין טעאַטער, וואָס שטעהט אין ווייטשעפּעל, איז זיין קעניגרייך. דאָס טעאַטער איז פון אויסען בעהאָנגען מיט דעם בילד פון סטאַר, גרויסע פלאַקאַטען מיט דער פאָטאָגראַפיע פון „זיך אַליין געבענטשטען" דירעקטאָר.

טויזענדער מענשען, וואָס געהען דאָ פאַרביי, זענען פערטויטוילט צו קוקען אויף דעם דאָזיגען בילד. זיי מוזען קוקען, ווייל עס רייסט די אויגען, ווייל עס האָט אַזעלכע ביליג-שרייאיגע קאָלירען, שרייאיגער, ווי אַלע זייף-רעקלאַמעס. זיי קוקען און פון טעמפּען פנים ווערט עפּעס טעמפּ אויף דער נשמה.

דער דאָזיקער דירעקטאָר פון יודישען טעאַטער איז אַזוי שטאַרק פערליבט אין זיך, אַז ער האָט אינגאַנצען פערגעסען די צייט... מעג די גאַנצע וועלט זוכען מענשליכקייט, ער זוכט כבוד. מען מוז אים טיטלען מיטן נאָמען „דירעקטאָר" ביי יעדער געלעגענהייט, מען מוז אים אָפּטרעטען דעם וועג, דערלאַנגען דעם פּאַלטאָ.

און דאָס טוען די כהנים פון זיין טעמפּעל, די אַקטיאָרען אַליין, זיי קוקען אים אין די אויגען מיט הכנעה, זיי פאָלגען זיין יעדען בליק. זיי האָבען איין פערענטפערונג פאַר זיך:

— מען דערף לעבען.

— מיר האָבען ווייב און קינד.

און ער רויכערט זיין סיגאַר און נוצט אויס זייער שוואַכקייט, זייער דלות, זייער קנעכטישען פאַלען.

די טיפּען, די דירקטאָרען, זייער פּסיכאָלאָגיע און זייערע בעגריפען — די שענסטע קאָמעדיע קאָן מען פון זיי אַליין בעשאַפען. אין זייער יחוס-בריוו מוזען בעשטימט פיגורירען קיילערס, פערד-גנבים.

זייערע פּלייצעס.

זייערע אַראָפּגעהאָנגענע ליפּען.

זייערע גרויסע אויערן.

זייערע פיס — זיי טראָגען שטענדיג דעם רעסטען נומער שיך.

ווי נאָר עפּעס שפּרינגט ער אַרויס.

— ווער איז דאָ דירעקטאָר?!

און אָט איז אַזאַ דירעקטאָר שטאַרק אַריינגעפאַלען: ער האָט צוגענומען אַ נייעם פּאַרשוין... יאָ אַנ׳אַקטיאָר, נישט קיין אַקטיאָר, ער האָט אים בעדאַרפט האָבען צו אַ סך פונקציעס: צו סופלירען, צום רעקוויזיט, צו לויפען אין דרוק אַריין צוליב די אַפישען, בעשטעלען פאָטאָגראַפען פאַרן דירעקטאָר, ווייל ער קלויבט זיך צו אַ נייעם בענעפיס, דעם חודש האָט ער נאָך קיין בענעפיס נישט געהאַט. דער נייער פּאַרשוין האָט עס געזאָלט געהערען צו דער לייב=גוואַרדיע פון דירעקטאָר, צו די לייב=קנעכט.

דער נייער האָט געהייסען סענדערמאַן. אַ מאַן אָדער אַ מענשעלע פון אַ יאָהר פערציג, האָט שוין געהאַט געשפּילט אין פּוילען, אין רוסלאַנד, אין רומעניען. מעהר ווי הינטער די קוליסען פלעגט מען זיין נאָמען נישט דערמאָהנען. געוועזען פערשטויסען פון אַלעמען. אַ צעקנייטשטער פּנים, האָר אויפן קאָפּ, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי די וואָרצלען פון אַן איבערגעדרעהטען רעטעך, וועלכע מען האָט נאָר וואָס פון ד׳ערד אַרויסגעריסן.

דער סענדערמאַן האָט געהאַט אַ ווייב מיט קינדער, מיט אַזוי פיל צרות, וועלכע קיינער וואָלט נישט געקענט צונויפרעכענען, פון הונגער, פון שלאָפלאָזע נעכט, צי פון אַ אינעוועליכען פייערעל — די אויגען האָבען ביי אים שטענדיג געבליצט און אַרומגעלאָפען. מורא האָט ער געהאַט פאַר יעדען, און אין די אַלע אַקטיאָרסקע אינטריגעס פלעגט ער זיך נישט מישען, אפילו נישט איינהערען זיך אין די טעאַטער=מעשיות — ער... ער האָט אַ ווייב און קינדער, ער בעדאַרף פערדינען אַ פּאָר שילינג און מעהר גאָרנישט.

און פלוצלינג מאַכט זיך אַזאַ געשיכטע:

אין לעצטען אַקט פון אַ האַרץ=רייסענדיגער מעלאָדראַמע האָט דער דאַרער סענדערמאַן געהאַט אַ קליינע ראָל פון אַ הויקער, אַן אומגליקליכער אַכגעשטויסענער מענש. ער האָט גענומען רעדען פון

זיינע צרות. צוערשט האָט דער עולם געלאַכט. דער עולם וויל שטענדיג לאַכען, איבערהויפט אין אַזעלכע טראַגישע מאָמענטען... נאָר באַלד האָט זיך די שטימונג געביטען... סענדערמאַן האָט זיי געצוואונגען צו ווערען ערנסט, פערטראַכט און אויפגערודערט. ער האָט פערמאָגט אין זיין דאַר גופל אַביסל פייער, עס האָט זיך פונאַנדערגעברענט, זיין קולכעל האָט גענומען דונערן, אַ שטראָם פון אונרוהיגקייט, פון פחד איז אַריבער איבער אַלע בענק. פרי־מיטיווע נשמות האָבען זיך אויפגעכאַפט און גענומען רופען:

— סענדערמאַן, סענדערמאַן!

צום ערשטען מאָל האָט אין טעאַטער־האָל געקלונגען זיין נאָמען. נאָר דער דירעקטאָר האָט אים נישט געלאָזט אַרויסגעהן אויף דער סצענע. ער איז אַליין ארויס, דער דיקער דירעקטאָר, און גענומען דרשנען, ווי יעדען אָווענד צום עולם:

— לעדיס און דזשענטעלמענס! מיר זאָרגען שטענדיג פאַר אייך. אַ יודיש טעאַטער אין לאָנדאָן קאָסט אָפּ אַ סך פונטען, מיר קאַרגען נישט קיין מיה. אין אַמעריקאַ האָט מען אַזאַ די־רעקטאָר און אַקטיאָר, ווי איך בין, געצאָהלט אַ סך מעהר, ווי דאָ אין לאָנדאָן, אָבער מיר זענען שוין שטאַרק צונויפגעבונדען...

— סענדערמאַן!

אין מיטען דער איידעלער רעדע האָט ווער אַ געשריי געטון: „סענדערמאַן”! און באַלד האָבען אַלע גענומען רופען;

— זאָל זיך ווייזען סענדערמאַן!

דער דירעקטאָר איז בלייך און בייז געוואָרען און ער האָט אויף זיין שטייגער געענטפערט פאַר דער זשאַזיקער העזה פון די שרייערס.

— סענדערמאַן איז ביי מיר אַ שיק־יונגעל, איר פאַר־שטעהט?

זיי האָבען אודאי פערשטאַנען, ווייל אַלע זענען מיט אַמאָל שטיל געוואָרען און זיך גענומען פונאַנדערגעהן.

פון דעם דאָזיגען אָווענד אָן האָט זיך פאַר סענדערמאַנען אָנגעהויבען אַ גיהנום אין טעאַטער: דער דירעקטאָר פלעגט אים איצט בעליידיגען אויף יעדען שריט און טריט און געבען צעהן

מאָל אַזויפיל אַרבייט. בייגאַכט פּלעגט ער שפּילן, דער עולם רופט אים אַרויס, און דער דירעקטאָר לאָזט זיך נישט ווייזן.

— זאָלן זיי שרייען, זיי זענען משוגע.

דערוויייל האָט זיך אויף וויטשעפּעל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער נייער אַקטיאָר שפּילט גאָר אויסגעצייכנט. מען האָט גענומען רעדן פון אים. אַ רעצענזענט האָט זיך פון דעם דער־וואוסט און ער האָט אין נאָהנטסטען אָוונד אַריינגעשמעקט אין טעאַטער.

אין עטליכע טעג אַרום האָט זיך אין דער אָרטיגער צייטונג בעוויזען אַ גרויסער פעליעטאָן: „אַ נייער שטערן אין פּאַ־ווילאָן־טעאַטער".

הינטער די קוליסען האָבען זיך אָפּגעטון מעשים. דער די־רעקטאָר איז אַרומגעלאָפען ווי אַ חיה און ער האָט גערעדט צו זיך, צו אַלעמען, צו די ווענד, צו די דעקאָראַציעס, ער האָט זיך געפּייניגט, ווי האַמלעט און געברומט:

— אַ טאַלענט, אַ שטערן, אַזאַ גאָרנישט, אַביסעל ביינער מיט אַ פּאָר אויגען, נאַ דיר אַ טאַלענט! מיט איין פינגער צו־קוועטש איך אים דאָך.

סענדערמאַן איז נאָך נישט געווען און די איבריגע אַקטיאָרן האָבען צוגעבאָמקעט דעם דירעקטאָר.

— איר זענט גערעכט. דער שרייבערל האָט אַוודאי גע־וואָלט אייך אַ שטאָך געבען, געהט ער און מאַכט פון אַזאַ נפש אַ גאַנצען צימעס.

אין דער רגע איז אַריינגעקומען דער „נפש"... סענדער־מאַן מיט די גרויסע אויגען, וועלכע ער האָט נישט געהאַט וואו אהינצוטון, ווי אַ גנב האָט ער אויסגעזעהן.

קיין טראָפּען פון שטאָלץ, נאָר בלויזע שרעק האָט אַרויס־געקוקט פון זיינע אויגען.

דער דירעקטאָר האָט אים בעגעגענט מיט אַ איראָנישען „גוט מאָרגען", די אַקטיאָרען האָבען זיך געוויצעלט אויף זיין חשבון און ער איז געזעסען אויף אַנ'אַלטען פּאָטעל, וועלכער

אים דאָס פּנים און לייבעלע קראַצט זיך דערנאָך. ער זעגענט זיך אָפּ און גייט אַוועק מיט אַן אומעטיגען געמיט.

איינגעלעבט זיך אין שפּיטאָל. עפּיס אַזוי וואַרעם און גוט געווען און איצטער ווידער צווישען פרעמדע, פרעמדע...

ער איז שוין ווייט געווען. די זעלנער זיינען געשטאַנען ביים פּלויט און אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

—אַ גוטער אידעל, אַ רחמנות...

—אַ קלאָגעדיגער סאָלדאַט.

און עס איז שטיל געוואָרען. יעדער פון זיי איז אַריין אין זיך. און די שטראַלען האָבען געוואַרעמט, געגויגט צו דרימלען, צו טרוימען.

מען האָט זיך פאַרגעסען אָן דער קייזערין מיט די מעדאַלען, וואָס זי האָט איבערגעלאָזען.

מען האָט אויך לייבעלע סאַמסאָן ניט דערמאָנט מער.

און פון שפּיטאָל איז פון צייט צו צייט דערגאַנגען אַן אוממענשליכער קוויטש. די זעלנער האָבען זיך גע׳צלמ׳ט און גערעדט:

—מען שניידט, אַי מען שניידט.

פאַרנאַכט איז געשען עפּיס, וואָס האָט אַלעמען געמאַכט לאַכענדיג:

צו איינעם אַ זעלנער איז געקומען אַ פאָטער פון דאָרף, אים באַזוכען. מען האָט אָבער די פרעמדע פּריער נישט צוגעלאָזען, איידער זיי האָבען זיך נישט גענומען אַ וואַנע...

האָט מען פאַר דעם פּויער געעפענט דאָס באָדע-צימער און געהייסען זיך אויסבאָדען. די טיר האָבען די „שוועסטער" צוגעמאַכט, נאָר ווי גרויס איז געווען זייער וואונדער בעת זיי האָבען דערנאָך דעם פּויער געפונען אין וואַנע אין אַלע זיינע קליידער.

ער האָט זיך געפּלוכטשעט אין וואַנע ווי אַ בער...

און אין די קאָרידאָרען, אין די פּאַלאַטעס און אויפ׳ן הויף פון שפּיטאָל איז אַוועק אַ געלעכטער...

ביז די נאַכט איז געקומען.

# דער לעצטער פֿון דער דינאַסטיע.

אַ משפּחה איז אונטערגעגאַנגען. דאָס, וואָס עטליכע דורות האָבען איינגעפונדעוועט און איינגעפּלאַנצט, איז דורך דער מלחמה צושטערט געוואָרען.

דאָ רעדט זיך וועגען די קאַזמערזשער בעלי-עגלות, וועלכע האָבען געטראָגען דעם שטאָלצען נאָמען די „זלמנ׳יאָקעס״. אַנדערע האָבען פאַר זיי דרך־ארץ געהאַט, ווייל זיי זיינען רייך געווען; אַנדערע האָבען פאַר זיי מורא געהאַט, ווייל זיי האָבען געזונטע הענט געהאַט.

די בעסטע פערד זיינען ביי זיי געווען; עטליכע ברייטש-קעס, טייערע געשפּאַנען. מיט זיי קאָנקורירען איז געווען אַביסעל שווערליך.

דאָס זיינען געווען בעלי-עגלות לויט דעם באַרוף, גרויסע פערד-מבינים זיינען זיי געווען, מענשען, וועלכע האָבען געקאָנט האַלטען אַ בייטש אין האַנט און פאַרטיידיגען זייער כבוד; בעלי-עגלות—בעלי-הבתים, הויך-געוואַקסענע, ברייט-פּלייציגע. אַ וואָרט איז געווען ביי זיי אַ וואָרט. פאַרקויפט איז געווען פאַרקויפט.

קיין חרטה, קיין שווינדעל—אַ רעעלע פירמע...

געשטאַנען איז זייער הויז נעבען ברעג ווייכסעל. אַן אַלטע פעסט-געמויערטע געביידע מיט עטליכע שטאַלען פאַר די פערד. אַביסעל אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. זיי האָבען געלעבט ווי די פּריצים. אויפ׳ן הויף זיינען הינער געווען, קאַטשקעס, גענז און אפילו טויבען...

און ווען אַ יאַט, אַן אייניקעל, האָט שוין געשטעלט פיסלעך, האָט מען אים באַלד צוגעלאָזען צו די פערד. אַזאַ נפש איז שוין געקראָכען אין שטאַל, געקלעטערט אויף דער קאָזלע און מיט די קליינע הענטעלעך שוין געצויגען די לייצעס...

פערד האָבען זיי אַלע ליב געהאַט ווי דאָס לעבען; מיט זייער פאַך האָבען זיי שטאָלצירט, און נישט נאָר זיי אַליין, די קרובים—אויך בעלי-עגלות,—האָבען זיך גרויס געהאַלטען מיט די זלמנ׳יאַקעס.

און די רייכע בעלי-בתים פלעגען האָבען הנאה צו פאָרען מיט זלמנ׳ען, עס איז שוין געווען אַזאַ טראַדיציע: אַן אָנשטענדיגער בעל-הבית, אַ פריץ באַדאַרף פאָרען מיט זלמנ׳ס פערד. אַז עמיצער פלעגט קומען פון אַן אַנדער שטאָט, האָט ער שוין פריער געגעבען צו וויסען:

—מ׳זאָל אַרויסשיקען זלמנ׳ס פערד.

אויסער די „יאַזדעס" האָט מען טאַקע אַביסעל צוגעהאַנדעלט מיט פערד אויך, פאַרקויפט און געקויפט אַלטע ברישקעס, געפירט די פּאָסט און צוגעדונגען אַ סאָד פאַר אַן איבעריגען הונדערטער.

הכנסה איז געווען און גאָט האָט נישט פאַרלאָזען.

מיט אַמאָל איז געקומען די מלחמה. אין שטעטעל איז געוואָרען אַ מהומה, מ׳האָט צוגעמאַכט די מאָנאָפּאָלען און אויסגעגאָסען אין רינשטאָק דעם גאַנצען שנאַפּס. דאָס איז געווען עפּעס אינטערעסאַנטעס. דער עולם האָט געגלאָצט מיט די אויגען:

—פאָניע, פאָניע גיסט בראָנפען אין רינשטאָק.

ווען מען האָט געענדיגט מיט׳ן ביסעל שנאַפּס האָט מען זיך גענומען צו דער מאָבּיליזאַציע. מ׳האָט מאָבּיליזירט פערד,

וועגען און מענשען.

אויפ'ן אַלטען זלמנ'ס חלק איז אויסגעפאַלען פינף פערד, צוויי וועגען און צוויי זין. עס איז ליידיג געוואָרען אין שטאַל, עס איז ליידיג געוואָרען אין שטוב...

די מלחמה האָט געדויערט. די עסטרייכער זיינען געקומען און צוגענומען די איבריגע פערד. דערנאָך האָבען די קאַצאַפּעס ווידער פאַרנומען דאָס שטעטעל און אַרויסגעטריבען אַלע אידען. דאָס ביסעל ווירטשאַפט פון שטוב און פערד-שטאַל האָט מען צונויפגעפּאַקט און פאַרשלאָסען אין אַ געמויערטען שפּייכלער, נאָר מען האָט דאָס אַלץ צוגע'גנב'עט און די שטוב אַליין האָט מען אונטערגעצונדען.

ווען זלמן איז צוריקגעקומען האָט ער געפונען פון זיין פאַרמעגען אַ קוימען און אַ פּאָר איינגעפאַלענע ווענט.

צו די חורבות האָט מען צוגעבויט אַ הילצערן ווענטעל און דאָרט האָט זיך די משפחה באַזעצט: דער אַלטער זלמן, דער עלטערער זון מיט זיין ווייב, מיט אייניקלעך פון עטליכע קינדער.

דער אַלטער זלמן איז איצט קראַנק און צובראָכען, די זין זיינען פון דער מלחמה נישט צוריקגעקומען: איינער פון זיי איז געבליבען אין רוסלאַנד, דער צווייטער איז אַוועק קיין אַמעריקע.

געבליבען איז דער עלטסטער זון משה-איטשע, מיט אַ ברוין בערדעל, אַ פערציג-יעריגער עקשן מיט בייזע אויגען.

ער איז איצט אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט. פּראָסטע יונגען האָבען זיך אַרויפגעאַרבעט, האָבען צו צוויי און צו דריי פערד, פליען הין און צוריק קיין פּולאַוו, נעמען טויזענט מאַרק פאַר אַ „יאַזדע" און ער משה-איטשע זיצט אַ גאַנצען טאָג ביים פּלומפּ מיט אַלע ליידיג-גייער. גיט נאָר אַ קוק ווי ער זעט אויס, אָפּגעקראָכען דאָס בגד, צוקנייטשט דאָס היטעל. פון איין שטיוועל איז דער שפּיץ אינגאַנצען אַראָפּגעפאַלען—אַזוי, אַז עטליכע ברודיגע פינגער קריכען אַרויס.

ביים פּלומפּ זעט מען דאָס גאַנצע לעבען פון שטעטעל. פון איין זייט מאַרק שטייען גאַנצע הייזער אַלטע, אָבער גאַנצע הייזער, מיט שילדען באַהאָנגען, מענשען האָבען געוועלבער און לייי-

ען געלט. פון צווייטען מיט מאַרק זיינען די הייזער צוקלאַפּט און רואינירט פון דער מלחמה. ווענט מיט פּוסטע לעכער פון פענסטער קוקען צום טייך. וואו-נישט-וואו האָט זיך אין אַ חורבה עמיצער איינגעאָרדענט אַ דירה אויף זומער.

אַלטע זקנים און זקנות קריכען ווי די שאָטענס און בעטלען נדבות...

די זון נעמט שטאַרקער ברענען און אַלץ ווייניגער מענשען ווערען אויפ'ן מאַרק. עס בלייבען די פאַרצווייפעלטע לייריגגייער. אַ חזיר וואַלגערט זיך אין זומפּ. עטליכע קאָזעס זוכען גראָז צווישען די שטיינער.

משה-איטשע ליגט דאָ אָפּ דעם גאַנצען טאָג. ער וואַרט אויף פּרנסה, אפשר וועט קומען אַ ליעטניק און מען וועט דאַרפען אַוועקטראָגען אַ פּעקעל.

דערווייל ליגט ער אַזוי האַלב אויסגעצויגען און שעלט מיט לאַנגזאַמע, מיט גיפטיגע קללות די גאַנצע וועלט...

פאָרט אַריין אַ פורעל. געקומען פון באַן און געבראַכט אַ פולען וואָגען מיט פאַרשוינען. אַבראַמעק'ס פור.

וואָס איז געווען דער אַבראַמעק? אַ אָנטרייבער ביי משה-איטשע'ס טאַטען געווען, פלעגט פירען אָנטרינקען די פערד, אַ יאַזדע מאַכען פאַר צען קאָפּיקעס, און איצט אַליין אַ בעל הבית מיט דריי פערד... דער געלער „גנב" אַבראַמעק. „גנב" איז ביי אים יעדער, ווער ס'פאַרמאָגט עפּעס.

נישט לאַנג קומט צו משה-איטשע'ן דער זעלבער אַבראַמעק און לייגט אים פאָר, ער וועט אים געבען צו פאַרדינען, ער האָט דריי פערד, אַבראַמעק, און אַליין קאָן ער דאָך מיט די פערד נישט אויסקומען, זאָל ער אים צוהעלפען.

—אַ רוח אין דיין טאַטען אַריין, אַן אָנטרייבער וועל איך ווערען ביי דיר, בעסער פון הונגער אויסגיין.

און ער גייט טאַקע אויס פון הונגער, דער געוועזענער בעלי-עגלה משה-איטשע, ער און זיין ווייב הונגערן. עס הונגערט דער אַלטער זלמן...

איין ליידענשאַפט איז אים געבליבען, איין ירושה: זיצען

אַרום פּלומפּ און קוקען אויף די פערד, וואָס פאָרען פאַרביי אין שטעטעל.

קיין געלט האָט ער נישט, קיין פּרנסה האָט ער נישט, נאָר אַ מבין אויף פערד איז ער. מאַכט זיך אַ יריד, לעבט ער אויף, ער גייט אַרום צווישען די ציגיינער מיט די פערד, באַטאַפּט און באַטראַכט יעדען פוס, קוקט אין די ציינער אַריין און מעקעלט...

—דער סוף וועט זיין, זאָגט ער, אַז איך וועל טאַקי ווערען אַ פערד-מעקלער, אַ מאוס'ע פּרנסה, אָבער דאָך אַ פּרנסה.

און עס טוט אים הנאה, וואָס ער בלייבט ביי דעם ענין פערד, טאַקי פרעמדע, אָבער דאָך פערד...

נאָר נישט אַלע טאָג איז אַ יאַר-מאַרק, נישט אַלע טאָג פאַרדינט זיך. זיצט ער אַזוי אַרום פּלומפּ און קוקט אויף די חורבות וואָס שטייען אַנטקעגען אים, אויך פון זיין חורבה זעט ער די וואַנט. אַך, ווי דאָס האָט זיך אים שוין איינגעגעסען אין האַרצען, ווי אַ לייב וואָלט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער וועלט:

—גיט מיר אָפּ מיינע פערד, גיט מיר אָפּ מיין שטוב...

עס איז גוט, וואָס דערווייל איז זומער: מען פרירט נישט, וואָס וועט זיין ווינטער, וואו וועט ער נעמען שטיוועל?

עך, כאָטש איין פערדעל. די גאַנצע וועלט וואָלט ער אַוועקגעגעבען פאַר איין פערדעל, נאָר אַ פערד קאָסט היינט... פאַרברענט זאָלען זיי ווערען. ער פילט, אַז ער גייט אונטער, די גאַנצע משפּחה איז צו גרונט געגאַנגען...

אַזאַ רייכקייט געווען...

ער קוקט אויף די ברודיגע פינגער, וואָס קריכען אַרויס פון צוריסענעם שטיוועל און קריצט מיט די ציין...

# חורבות.

I

איך האָב איבערגעשטיגען די מידקייט פון טאָג און נישט געשלאָפען אַ גאַנצע נאַכט.

עס קלויבען זיך אָן צופיל איבערלעבונגען, צופיל געדאַנקען, וועלכע זוכען אַן אַרויסגאַנג; פאַרווילט זיך אַמאָל בלייבען אַליין און די נאַכט איז דערצו דער בעסטער חבר.

אין שטעטעל בין איך. שוין שפעט אין אָוונט. בלאָנדזשע איך אַרום אויפ׳ן גרויסען, שוואַרצען מאַרק. עפּיס אַ פיגור שטייט ביים פּלומפּ. אַ צווייטע פיגור זיצט ביי אַ פאַרמאַכט געוועלב. אין דער טונקעלקייט הער איך אַ געניץ, וואָס דערמאָנט מיך אַ שלאָף.

איך טרייב אַוועק דעם געדאַנק.

איך געהער צו דער אַלטער וועלט. איך האָב נאָך אַלץ ליב אויפצוהויבען ביינאַכט דעם קאָפּ צום הימעל און מיט די אויגען אַרומכאַפּען דעם גרויסען אָפּגרונט, וואָס איז אויסגעשאָטען מיט שטערען. איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין דער אַלטער אָפּגעלעבטער, אייביג-טויטער לבנה, וואָס שטעלט זיך אַוועק

אין מיטען הימל און קוקט אראָפּ מיט איין גרויס פאַרטרערטס אויג אויף אַלע אונזערע שטעט און שטעטלעך, הייזער און גער־טנער, און עס טרעפט אַמאָל, אַז מיינע אויגען ווערען האַלב פאַר־גליווערט, ווען איך קוק צו לאַנג אַריין אין דער לבנה, פּונקט ווי זי וואָלט מיר איבערגעגעבען איר איינגעשמידט שווייגען.

ביז דער בליק מיינער פאַלט ווידער אַראָפּ אויף דער ערד און די פיס נעמען שטעלען טריט.

און הגם די לבנה איז רונד און גאַנץ, דאָך איז פאַראַן עפּיס אַ טיפע האַרמאָניע צווישען איר מיט׳ן חרוב׳דיגען שטעטעל..

גאַנצע רייען הייזער שטייען דאָ האַלב און גאַנץ צושמע־טערט פון דער מלחמה, קוימענס נאַקעטע, פּוסטע, אויסגעבּרענטע פענסטער, דורך וועלכע די נאַכט קוקט אַריין און קוקט אַרויס.

## II

אַלטע הונדערט־יעריגע הייזער זיינען דאָס געווען. די דיקע ווענט זיינען געבליבען פעסט פאַראַנקערט אין דער ערד, נאָר די קעפּ, די קאַרניזען, דאָס גאַנצע אינעווייניגסטע לעבען האָט דאָס פייער פון די גראַנאַטען פאַרבּרענט און פאַרניכטעט. מענשען לעבען זיך איצט אין די לעכער, צייטווייליגע דעכער געמאַכט און מען לעבט דאָרט. קינדער ווערען געבוירען, אַלטע לייט קרעכצען אויס די לעצטע טעג זייערע, פרייטאָג בענטשט מען ליכט אין די חורבות, און די פייערלעך פון די צושטערטע בנינים קוקען נאַאיוו אַרויס אויף גאָט׳ס וועלט.

## III

פאַראַן עפּיס אַ וויכטיגע קראַפט אויף דער וועלט, אַ גוויי־סע געטליכקייט, ביי וועלכער אונזערע אַלע איבערלעבונגען, אונזער פרידען־צייט און מלחמה־צייט שפּילט גאָר אַ קליינע ראָל. מיר זיינען פאַר יענער קראַפט פּונקט, ווי די מוראַשקעס פאַר אונז מיט זייער מיקראָסקאָפּישען לעבען.

עס שפּאַצירט זיך דאָס גרויסע אויג פון דער נאַכט — די לבנה, ווי מיט צען יאָר, ווי מיט הונדערט יאָר, ווי מיט צען טויזענט יאָר צוריק, גייט דורך איר אָנגעצייכנטען וועג ביז זי גיט אָפּ דעם מאָרגענשטערן איר וועג.

וואָס זיינען מיר דאָ? וואָס טוען מיר דאָ אַלע? אויף דעם גרויסען שטיין, וואו איך האָב זיך געזעצט באַקוקען די נאַכט, באַמערק איך אַ לאַנגען וואָרם. ער קריכט, קריכט, ציט אויס און ציט איין זיין גאַנצען קערפּער, וואָס זעט אויס ווי אַ דראָט. קריכט אויף דעם טויטען גראַניטנעם שטיין. וואוהין? צו וועמען? וועלכע צילען האָט דער וואָרם? וואָס וועט אים געבען דער קאַלטער שטומער שטיין?

IV

וואָס פאַר אַ קנאַפּער יחסן איך בין דאָ ביי דער נאַכט מיט אַלע מיינע מחשבות... דאָס וואַסער גייט זיך אַלץ ווייטער... דער ווינט גלעט די בוימער און די שטיינער, פּונקט ווי ער גלעט מיך...

אויף דעם ברייטען האָריזאָנט, אויף אַלע שטערען, אויף דער טונקעלער ווייטקייט און אויף דער לבנה קוקען אַ פּאָר אומעטיגע אויגען פון אַ מענשען, נאָר די נאַכט אַליין... קוקט זי אויף דעם מענשען?

איך שפּאַציר צווישען די צופאַלענע ווענט פון די אַלטע מויערן. דאָ און דאָרט האָט די לבנה אויסגעלייגט איר ווייס תּכריכים-ליילעך, דורך די שפּאַלטען האָט זי אַריינגעשטעקט אירע מתים-פינגער און פּרעסט צו די שטיינער, די ציגעל, אַז זיי זאָלען זיך פון אָרט נישט רירען.

ערגיץ-וואו אין די חורבות וואַקסט שוין ווילד גראָז. די ערד האָט איר גרונט פאַרכאַפּט און לעבט מיט איר לעבען אויף איר אייגענעם באָדען.

בייטאָג זע איך דאָ די באַזיצער פון די חורבות. די אינגערע באַוועגען זיך נאָך מיט אַ ביסעל לעבען, די עלטערע קריכען

אַרום ווי שאָטענס אויף אַ בית-עולם...

דער אַלטער שוחט, דער געוועזענער גבאי, אָפּגעקומענע בעלי-הבתים אין צוריסענע, אָפּגעקראָכענע קאַפּאָטעס, ווייבער מיט צוקנייטשטע פּאַרמעט-פּנים׳ער, פיל פון זיי שטרעקן אויס די הענט און בעטלען...

דער גאַנצער יחוס איז אונטערגעגאַנגען, צופאַלן געוואָרען, אָט אַזוי ווי די אַלטע איינגעפאַלענע מויערן...

בייטאָג זעצט זיך אַוועק אַ אידענע אין אַ לאָך פון די חורבות, וואָס גייט אַרויס צום מאַרק און בעטעלט...

פון די חורבות שטרעקט זיך אַרויס אַ האַנט, קוקן אַ ־ויס אַ פּאָר איינגעפאַלענע אויגען און אויסגעטריקענטע ליפּען מורמלען: „אַליין געווען אַ בעל-הבית׳טע, שענקט עפּיס".

דאָס בעטעלט די שיינע פאַרגאַנגענהייט.

# V

דער ווינט הויבט-אויף אַביסעל שטויב פון די אַלטע ווענט, הויבט עס אויף און פאַרשיט מיר די אויגען, דערנאָך בלאָנדזשע איך איבערן שטעטעל, איך זעץ זיך אַוועק אויפ׳ן פּלומפּ און קוק אין דער נאַכט אַריין.

עפּיס אַ געשטאַלט באַווייזט זיך. טראַכט איך: נאָך אַ טרוימער איז אַרויס ביינאַכט טראַכטען און אויספרעגען ביים אייגענעם האַרץ פיל סודות...

דאָס שפּרייזט אַן אַלטער איד מיט אַ גרויסער באָרד, גייט און זיפצט, גייט לאַנגזאַם אַהין און צוריק איבערן מאַרק. דאָס איז נישט קיין טרוימער... צרות האָבען אים שלאָפען נישט געלאָזט, איז ער אַרויס צו דער נאַכט, פון זיך אַליין איז ער אַוועק...

צום פּלומפּ קומט צו אַ צווייט געשטאַלט... ער קוקט זיך אַרום פאָרזיכטיג. מיין איך—אַ גנב. קומט צו די געשטאַלט נענטער—אַ איד מיט אַ געבויגענעם רוקען. מיר ריידען זיך צונויף. אין אַ שעה אַרום באַדאַרפען קומען די פורען פון פולאַוו, וועט אפשר זיין אַ פּעקעל אָראָפּצונעמען, וועט זיין עפּיס צו פאַרדי-

נען, נאָר ער האָט מורא פאַר קאָנקורענץ, אַ צווייטער טרעגער זאָל נישט אַרײַנקומען און בײַ יעדען שאָרך פון דער נאַכט ציטערט ער אויף...

# VI

מיט אַמאָל דערזע איך, אַז איין קימען פון די חורבות ווערט העלער, רוקט זיך אַרויס העכער פון אַלע און קוקט זיך אַרום. דאָס טאָגט שוין און אַלץ וועט באַלויכטען ווערען. דורך די אָפענע פענסטער קוקט אַרײַן פון יענער זייט אַ בלייכע-בלייכע העלקייט.

דערנאָך הייבען זיך אָן די טענער פון טאָג. אַ קאָזע מעקעט, אַ חזיר קווימשעט, אַ האָן קרייט.

אַ מאָדנע מידקייט פאַלט אָן און איך שלאָף איין אויף דעם קליינשטעטעלדיגען פלומפּ. עס שלאָפט זיך געשמאַק... דער וואַסער-טרעגער קומט נעמען וואַסער און ער וועקט מיך אויף...

קוקט ער מיך אָן: וואָס? משוגע צי שכור? ווי קומט דאָ אַזאַ ווי איך נעכטיגען אויפ'ן פלומפּ?

# VII

אַ ברייט ליכט רוקט זיך אָן אויף דער גאַנצער וועלט.

טאָג פאַלט אויף די חורבות און באַלייכט זיי מיט לעבען.

דער גלח פון שטעטעל גייט פאַרביי מיט עטליכע הינט, וועלכע שפּרינגען פריילין און בילען.

אַ גרויסער וואָגען מיט ערד-גרינס איז אַרײַנגעפאָרען מיט האַסט אויפ'ן מאַרק.

טירען עפענען זיך.

העגער קרייען...

טאָג! אפשר וועט קומען די אמת'ע פרייד...

# קעץ...

## (עטיוד)

הינטער'ן קלויסטער שט'יט אַ קליין הייזעל מיט ווילדע ווינטרויבען באַהאַנגען. נישט לאַנג איז דאָ נאָך אַ קולטווויר־טער גאָרטען געווען, די אַלעען ווערען אַלץ מער פאַרוואַקסען, ווילד־גראָז מישט זיך אויס מיט איידעלע בלומען. אויפ'ן טויער פון גאָרטען הענגט אַ שלאָס: אין הייזעל לעבט איצט קיינער נישט...

פרעגט אָבער ביים ערשטען אינגעל, וואָס דאָס איז פאַר אַ הייזעל, וועט איר דערהערען אַ קורצען ענטפער:

— דאָס קעצישע הייזעל איז דאָס... דאָס קעצישע הייזעל.

נאָך מיט עטליכע יאָר צוריק האָבען דאָרט געלעבט צוויי פרויען. איינע זעהר ענליך צו דער צווייטער. געזאָגט האָט מען, אַז דאָס זיינען שוועסטער, כאָטש קיינער האָט עס גענוי נישט געוואוסט. דאָס זיינען געווען צוויי אַלטע פריילינס צו זיבעציג יאָר יעדערע.ביידע הויכע, דאַרע, מיט ווייס־זילבער־האָר. שטענ־דיג אין שוואַרצע אַלט־מאָדישע קליידער, מיט „מאָדליטוועניקעס", מיט „פאַטשערעס". זייער וועג איז שטענדיג כמעט געווען דער

וועלבער: פון זייער היים צום קלויסטער און פון קלויסטער אַהיים. געדאַווענט האָבן זיי, ווייזט אויס, פאַר דער גאַנצער וועלט, ווייל פאַר אייגענע זינד יואָלטען זיי אַזויפיל נישט באַדאַרפט דאַווענען. זיי האָבן דאָ ווייניג געזינדיגט. כסדר געלעבט מיט נדרים, מיט תעניתים, צוויי אַלטע אַריסטאָקראַטקעס. קיינער האָט זיי מיט זייער נאָמען נישט גערופען...

— די צוויי אַלטע פאַנעס...

— די פאַנעס מיט די קעץ...

אַט אַזוי פלעגט מען זיי רופען.

די דאָזיגע צוויי אַלטע האָבן געהאַט איין שוואַכקייט: זיי האָבן געהאָדעוועט קעץ. גרויסע, רונדע, אויסגעפּאַשעטע קעץ. אין די זומער-טעג פלעגט מען זען, ווי די אַלטע שפּילען אין גאָרטען מיט זייערע ליבלינגס, גלעטען זיי און צוואָגען זיי...

נישט קיין קאָטערס, נאָר קעץ האָבן זיי געהאָדעוועט, און געוואָלט האָבן זיי, אַז די קעץ זאָלען בלייבען אַזעלכע פרומע אומשולדיגע, ווי זיי אַליין. קיין קאָטער האָבן זיי אויפ׳ן שוועל נישט אַרויפגעלאָזען.

זיי האָבן שטענדיג די טירען פאַרשלאָסען, שטענדיג אַכטונג געגעבען, אַז אַ קאַץ זייערע זאָל זיך נישט פאַרליבען אין אַ זינדיגען קאָטער.

און קוים האָט עס איינמאָל פּאַסירט, איז אין דער דאָזיגער הייזעל געוועזן אַ גרויסער טרויער.

אַ קאָטער האָט זיך דורך די שטאַכעטען פון גאָרטען אַריינגעגנב׳עט. איינע פון די קעץ איז אים נאָכגעלאָפען אין די קוסטעס. וואָס דאָרטען איז צווישען די צוויי קעץ פאָרגעקומען, האָבן די צוויי שוועסטער נישט געוואוסט, נאָר אין אַ צייט אַרום האָט די דאָזיגע זינדיגע קאַץ אונטער׳ן בעט פון דער נישט זינדיגער פינף-און זיבעציגער בתולה געבוירען אַ האַלבע טוץ קעצעלעך.

זיי האָבן זיך איינס דאָס צווייטע געגלעט, די קעצעלעך, די קאַץ—די מוטער האָט זיי געלעקט, אונטער׳ן בעט איז אַ שמחה געווען, נאָר אין דער אָפּגעזונדערטער הייזעל איז געווען

טרויער און חרפה, פונקט ווי זיי אַליין וואָלטען אַ זינד באַגאַנגען.

און די דאָזיגע חרפה האָט מען געמוזט פאַרבאָרגען פון דער וועלט, פון מענשען, פון דעם נייגעריגען שטעטעל...

האָט מען געהיים געדונגען אַ יונג, ער זאָל די קאַץ מיט אַלע אירע קעצלעך אין ווייכסעל אַריינוואַרפען...

אין אַ טונקעלע נאַכט איז די שטיקעל אַרבעט אָפּגעטאָן געוואָרען און די צווי גרויע פריילינס האָבען ווידער מיט אַ ריינעם געוויסען געדאַווענט און נאָך פאַרזיכטיגער אַכטונג געגעבען אויף די קעץ, אַז קיין זינד זאָל מער ביי זיי אין שטוב נישט פאָרקומען.

נאָר אַלע קאָטערס האָבען געוואוסט פון דעם פאַרבאָרגענעם האַרעם אין דעם איינזאַמען הייזעל, וואָס איז מיט ווילדע וויינטרויבען באַהאַנגען און נישט איין מאָל פלעגען זיך נישט ווייט פון דאָרטען קעצישע סערענאַדעס הערען, די פאַרליבטע קאָטערס פלעגען די גאַנצע געגענט שלאָפען נישט לאָזען.

און נישט איין בעל-הבית פלעגט זיך פון די דאָזיגע נאַכט-קאָנצערטען אויפכאַפּען און שעלטען די צווי „משוגע׳נע״ מיט די קעץ...

נאָר יאָרען זיינען געגאַנגען. ווינטער מיט זומער פלעגט זיך וועקסלען, דער קלויסטער האָט געקלונגען און די קעץ האָבען זיך געפּאַשעט...

די שוועסטער האָבען אפילו אויסגעלערנט, אויסגעדרעסירט עטליכע קעץ און זיי פלעגען גיין מיט זיי אויפ׳ן מאַרק. אַזעלכע פעטע רונדע קעץ זיינען דאָס געווען, גאָרנישט ענליך צו זייערע בעל-הבית׳טעס, וועלכע האָבען אויסגעזען דאַר, ווי צווי בוימער, וועלכע האָבען שוין אַ סך יאָרען קיין בלעטער נישט געהאַט אויף זיך.

גייען זיי אויפ׳ן מאַרק, די צווי בייזע, שטרענגע אַלטע און ביי זייערע פיס טוליען זיך די באַגלייטערינס, די קעץ...

הינט לויפען נאָך און ווילען פאַרפירען אַ קאַמף, אַ מלחמה מיט די זאַטע קעץ. נאָר אַ הונט האָט מורא פאַר אַ קאַץ און ער קומט אָפּ בלויז מיט׳ן בילען.

דערצו נאָך אַזעלכע יחסנ׳ישע קעץ, מיט וועלכע מען קע-כעלט זיך אַזוי, דאָס שטעטעל איינגאַנצען געגומען האָט דרך-ארץ געהאַט פאַר די אַלטע פריילינס און פאַר זייערע קעץ, און דער דרך-ארץ האָט זיך אַפילו אויף די הינט אָפּגערופען...

נאָר נישט קוקענדיג אויף דעם דרך-ארץ, וואָס מען האָט געהאַט צו די פרומע פריילינס און נישט קוקענדיג אויף זייער פרומקייט, האָט מען זיי אויך חושד געווען אין כשוף און שוואַרצע קונצען-מאַכעריי.

מענשען לעבען מיט קעץ, חבר׳ן זיך בלויז מיט די פיר-פיסיגע, אין דעם מוז עפּעס זיין, אין דעם מוז עפּעס זיין...

מיט אַ נייגעריגקייט און מיט אַ פחד אפילו פלעגט מען פאַרבייגיין די דאָזיגע הייזעל, וועלכע איז געהאַט געווען פאַר-האַנגען מיט ווילדע וויינטרויבען, ווי מיט אַ געדיכטען געהיימען שלייער...

אין אַ הייסען טאָג פלעגען זיי זיצען, די שוועסטער, אין גאָרטען, יעדע איינע פון זיי אין אַ באַזונדער שאָטען-ווינקעל מיט די „מאָליטוועניקעס" און זיי פלעגען דאַווגען, שעפּטשען מיט די ליפּען...

און די קעץ, די פעטע, פלעגען זיך אויסציען אויף דער זון מיט אַ זיסער פוילקייט און דרימלען, זיי זיינען באמת שוין געווען אין גן-עדן... וואָס האָט זיי געפעלט, די קעץ?

מאַכט זיך אַ מלחמה. דער דייטש איז געקומען און האָט אַלעמען פון שטעטעל אַרויסגעטריבען. די צוויי פאַרזעסענע בתולות האָבען זיך איינגעשפּאַרט. מען מעג זיי דערשיסען—זיי וועלען פון דאַנען נישט אַרויס. זיי וועלען נישט אַוועק. מיט די קעץ איז געווען אוממעגליך, און די קעץ וועלען זיי זיך פון אָרט נישט רירען.

דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט דערזען פאַר זיך אַזאַ פאָר עקזעמפּליאַרען מיט אַזאַ „טיר-גאָרטען" האָט ער זיך פונאַנ-דערגעלאַכט און זיי ערלויבט צו בלייבען.

נאָר דאָ ערשט האָט זיך אָנגעהייבען די אמת׳ע טראַגעדיע. עס איז נישט געווען וואָס צו עסען, נישט פאַר די קעץ און

און נישט פֿאַר די שוועסטער.

די לעצטע זיינען אָבער איינגעוואוינט געווען צו פֿאַסטען, אָר די קעץ האָבן איינציגווייז זיך אַרויסגערוקט. אַנטלאָפֿען נפֿון די שוועסטער זיינען זיי. עטליכע זיינען געפּגר׳ט.

און אַזוי איז צעשטערט אַ גאַנצע „פֿאַמיליע". אַן איינגעפֿונדעוועטער ווינקעל, אַן אידיליע. אין איין וואָך זיינען ביידע שוועסטער געשטאָרבן, און דאָס הייזעל שטייט איצט פֿאַרשלאָסען, פֿאַרלאָזען. עס וואַרט אויף עפּעס אַ יורש.

דער נאָמען איז אָבער געבליבען דער אַלטער: — דאָס קעצישע הייזעל.

און ווען מען גייט פֿאַרביי און מען קוקט זיך איין אין די פֿאַרשלאָגענע פֿענסטער, אין די פֿאַרלאָזענע אַלעען, שוועבען אַרויס פֿאַר די אויגען צוויי גרויע געשטאַלטען פֿון צוויי אויסגעטריקענטע אַסקעטישע פֿרויען, זיי זיצען און מורמלען תפילה... און ביי זייערע פֿיס שפּילען זיך אויף דער זון די פֿעטע זאַרגלאָזע קעץ...

בלויז א רגע דאַכט זיך דאָס...

דאָס הייזעל איז פּוסט, די שוועסטער זיינען שוין אויף יענער וועלט.

צי זיינען דאָרט פֿאַראַן קעץ?

# שאַמפּאַניער

ער האָט זיך קוים דערוואַרט די שעה, געגרייט זיך לאַנג אויסגעגעבען ביז'ן לעצטען גראָשען.

אַ פּאָר גלאַנציגע לאַקירקעס האָט ער זיך געקויפט דעם לעצטען טאָג און יעדע האַלבע שעה פלעגט ער כאַפּען אַ קוק אויף זיי עס האָט איהם כסדר אויסגעדוכט, אַז זיי גלאַנצען נישט אַזוי שטאַרק, ווי אמת'ע לאַקירקעס בעדאַרפען גלאַנצען.

פון אָנהויב אָוונד האָט ער שוין געאַרבייט אויף זיך, געוואַשען זיך, פּערקעמט זיך און ווידער פּערקעמט, צו האַלבער נאַכט איז ער שוין געווען פאַרטיג צום מאַסקען־באַל, ער איז אַרומגעגאַנגען ביי זיך אין צימער, אַבגעוואַרט נאָך אַביסעל צייט.

נישט געוואָלט זיך אַוועקזעצען, כדי ער זאָל נישט צעקנייטשען די הויזען, כסדר געקוקט אויף זיך אין שפּיגעל, זיך נישט דערקענט, אויף די רונדע פּלייצעס איז געלעגען ווי אויסגעגאָסען דער סמאָקינג, דאָס ווייסע העמד׳ דער שטייפער קראַגען, די לאַקירטע שיך, דער קנייטש אין די הויזען — אַלץ אין בעסטער אָרדנונג.

מען האָט נישט געקאָנט זאָגען, אַז עס איז איהם געווען זעהר בעקוועם, ער איז נעבעך נישט געווען צוגעוואוינט צו אַזאַ שטייפקייט פון די וועש... איבערהויפט.

ווי לאַנג איז ער אײנגעאַצעט געקומען פון זיין שטעטעל, פון וואָהלין? דאָרטען האָט ער געטראָגען אַ פּאָר שטיוועל און אַנ'או־קראַיניש העמדעל, אויסגעניית אין פערשידענע קאָלירען, דאָרטען האָט ער זיך פריי בעוועגט און דאָ, אין וואַרשא, ווילט זיך איהם ווערען אַ מענש און ער מוז טהון, וואָס אַלע מענשען טהוען.

ער לערענט דאָ אין אַ דענטיסטען־שול, און לערנט זיך פוילי׳ש: רעדען און שרייבען... דערביי קלאָגט ער זיך שטענדיג, אַז די פרעמדע שפּראַך אויסלערנען איז איהם פיל שווערער, ווי צו רייסען צייהן.

בעקענט ער זיך מיט אַ מיידעל, פערענטפערט ער זיך גלייך:

איך בין פון די קרעסען, איך רעד נאָך זעהר שלעכט פוי־ליש, נאָר די מיידלעך האָבען איהם נישט פיינד, ער קאָן אַ סך לידלעך אוקראַינישע און רוסישע, קאָן טאַנצען אַ קאָמאַרינסקע.

ער ווערט דאָ אין וואַרשא ביסלעכווייז אַ מענש, פון זיער היים שיקט מען געלד, אמת נישט קיין סך, נאָר ער איז שטענדיג ביי אַ פּאָר גראָשען.

און איצט האָט ער זיך דערשלאָגען צו אַ נייעם בגד, צו גלאַנציגע לאַקירקעס...

איז דאָס אמת, צי עס דוכט איהם אויס? ביי אַנדערע גלאַנ־צען די לאַקירקעס מעהר...

ער געהט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען אויף אַ מאַס־קען־באַל, דאָס הארץ קלאַפּט איהם. ער קאָן זיך שוין נישט דער־וואַרטען די רגע.

און בעת ער קומט צו צום זאַל, צו די בעלויכטענע טרעפּ צו די טירען, וואו אויסגעפּוצטע הערען און פערשלייערטע דאַ־מען שוועבען אַריין...

שמעקעוודיגע דאַמען, זיידענע קליידער שאָרכען, ער דער־שרעקט זיך אַביסעל און טראַכט: „ווי קום איך אַהערצו".

אויף די טרעפּ דערזעהט ער זיך אין אַ גרויסען שפּיגעל און דערקענט זיך נישט... אַ לאָרד!..

דערנאָך ווערט ער דורך דעם מענשען-שטראָם אַריינגעטראָ-
גען אין די גרויסע זאַלען...

פּאַרלען, פּאַרלען, מאַסקעס און מאַסקעס, די מוזיק שפּילט
און פערהילכט די מענשען, די טאַנצען און יענע שפּרייזען...

ער שטעהט ווי צעטומעלט, ער ווייסט אייגענטליך נישט,
וואָס ער האָט דאָ צו טהון, דערלאַנגט איהם ווער אַ צופּ, אַ קניפּ...

אַ מאַסקע, ווער איז זי? פאַרוואָס איז זי שוין אַנטלאָפען?
ער פערטראַכט זיך און דערוייל פאַלט אַראָב אויף איהם אַ טאַנ-
צענדיג פּאָרל. ער צעקלאַפּט זיך, זיי צעקלאַפּען ז'ך, ער קריגט
אַביסעל אויסגעזידעלט און ער וויל זיך שוין פערענטפערען:

— איך בין פון די קרעסען...

אָט דערלאַנגט איהם אַ צווייטע פּאָרל אַ שטויס, און באַלד
נעהמט ער פערזוכען די עלענבויגענס פון אַלע טאַנצענדיקע פּאָר-
לעך. אַ גליק, וואָס ער כאַפּט זיך און רוקט זיך צו צו דער וואַנד,
אַנדערש וואָלטען זיי איהם צע'מזיק'ט אָהן רחמנות, די טענצערס...

שטעהט ער ביי דער וואַנד און גלאָצט אויף אַלץ מיט די
אויגען.

גליקליכע מענשען! ווי גוט, ווי פריי זיי פיהלען זיך דאָ,
פונקט ווי זיי וואָלטען דאָ געבוירען געווערען...

ער איז מקנא די מענשען... ער חלומט אַז שפּעטער, ווען
ער וועט ווערען דענטיסט... שפּעטער... ווען ער וועט שוין רעדען
גוט פּויליש, — עס וועלען נאָך זיין גוטע צייטען...

אין זיין חלום'ען נעהמט איהם ווער אָן אונטער'ן אָרעם,
ער כאַפּט זיך אויף — נעבען איהם שטעהט אַ מאַסקע.

די ביזט אַזוי פערלאָזען פון אַלעמען...

די ערשטע רגע פערלירט ער זיך, ער איז געוואוינט געוואָרען
צו רעדען מיט מענשען, מיט אָפענע פּנימער, און ביי דער, וואָס
שטעהט נעבען איהם, איז דאָס פּנים צוגעדעקט...

נעהמט ער מורמלען:

— האָ! יאָ..: איך בין דאָ אַ פרעמדער, איך בין פון די
קרעסען, אין רעדט שלעכט פּויליש...

— דאָס מאַכט נישט אויס קום אַביסעל!
בענאַרישט ער זיך און פרעגט:
— איהר קאָנט מיך?...
— „גלופּי", צו אַ מאַסקע זאָגט מען "דו".
און זי שפּרייזט מיט איהם איבער'ן זאַל, פיהרט אים אַרום, פרעגט אויס ביי איהם פערשידענע זאַכען, פלאַפּעלט אויס אַלע ליגענס און זאָגט איהם קאָמפּלימענטען:
— ביזט אַ שענער יונג.
ווערט ער פרעהליכער און דרייסטער ביי זיך. אַרום טופּריי־זען הערדען מיט דאַמען און ער שפּרייזט מיט אַ דאַמע, מיט אַ מאַסקע. איהר פּנים איז צוגעדעקט, אָבער די אָבגעדעקטע הענד די פלייצעלעך — אויסגעטאָקטע, ביי זיך איז ער זיכער, אַז זי איז די שענסטע אין דער וועלט.
זי האַלט איהם פעסט, זי רעדט און לאַכט און הערט אויס זיינע מעשיות, ווי אַזוי מען לעבט דאָרט אויף די קרעסען.
ער איז צופרידען. עס האָט געלוינט צו אַרבייטען און צו גרייטען דעם סמאָקינג, די שטייפע וועש און די לאַקירקעס..
יאָ די לאַקירקעס — איין פאַנטאָפעל קוועטשט אַביסעל די פיס... אָבער עס לוינט
ווי אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען האָט ער שפּעטער זיך נישט געקאָנט גענוי דערמאָהנען:
זיי האָבען זיך געפינען ביי אַ טישעל, זי האָט זיך צוגעזעצט ער נעבען איהר... זי האָט איהם קאָקעטירט.
אין דער זעלבער רגע איז אויסגעוואַקסען בייס טישעל אַן אויסגעפּוצטער דזשענטעלמען — אַ קעלנער.
— וואָס פערלאַנגען די הערשאַפט?
ער האָט נישט געהערט, ער איז געווען פערנומען מיט איהר צוגעהערט זיך און צוגעקוקט זיך צו דער מאַסקע.
זי אָבער... זי האָט אַזוי שפּילענדיג אַרויסגעוואָרפען צום קעלנער איין וואָרט:
— שאַמפּאַנסקעגאָ!

אין עס האָט לאַנג נישט געדויערט: אַ גרויסע פלאַש, צווייגלעזלעך, דער פּראָפּען קנאַקט אזש ביז'ן סופיט...

זיי האָבן געטרונקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל, ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ צוגאָב, אַז אַלע בעקומען אַלס מתנה דעם שוימיגען וויין. ער האָט געמיינט, ער האָט גאָרנישט געמיינט, ער האָט געטרונקען און זי האָט געטרונקען.

דערביי האָבן זייביידע געלאַכט און גערעדט ווערטער, ווי עס רעדען מענשען, וואָס זענען אַביסעל בערוישט פון וויין...

פלוצלינג האָט זי זיך אָבגעבעטען אויף אַ רגע, באַלד קומט זי צוריק...

ער איז געבליבען וואַרטען. זי איז צוריק נישט געקומען. לאַנג האָט עס געדויערט, האָט ער זיך אויפגעהויבען פון אָרט געוואָלט זיך לאָזען איהר זוכען.

וואַקסט אַרויס פאַר איהם דער קעלנער:

— דער פאַן צאָהלט פאַר דעם שאַמפּאַניער!

— איך?

— נו יאָ, ווער דען?

ער איז אין איין רגע ניכטער געוואָרען, אַ שווייס איז איהם אַרויס אויפ'ן שטערן...

— דער פאַן צאָהלט פערציג זלאָטיס...

וואו? וואָס? ווען?

ער האָט ביי זיך קוים עטליכע זלאָטיס און ער שטאַמעלט פון צעטומעלניש אַרויס.

— איך האָב נישט קיין געלד...

— וואָס? דער קעלנער ווערט בייז;

— אַז מען האָט נישט קיין געלד טרינקט מען נישט קיין שאַמפּאַניער.

באַלד איז צוגעקומען אַ צווייטער קעלנער און דער ערשטער דערצעהלט פאַר איהם:

— עפּעס אַ פרייער... טרינקט שאַמפּאַניער און האָט נישט צו צאָהלען.

עס האָבן זיך אַרומגעשטעלט אעליכע נייגעריגע, אויף זייערע

ליפען איז געלעגען אַ שמייכעלע, וואָס קאָן דערהרגע'נען. עמיצער האָט זיך אַריינגעמישט און דער בחור פון די קרעסען האָט זיך געראַטעוועט מיט דעם, וואָס ער האָט איינגעלעגט ביים קעלנער זיין פּאַס און דעם מאַטריקול פון דער דענטיסטען־שול.

ער האָט צוגעזאָגט אין עטליכע טעג צו בעצאָהלען.

און ער איז געלאָפען אַהיים... ניין, נישט געלאָפען נאָר צו־געלאָמט, ווייל דער ענגער פּאַנטאָפעל האָט איצט אָהן רחמנות געקוועטשט.

עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז די גאַסען זענען שווע־רע צוואַנגען און זיי קוועטשען איהם צענויף, זיי דערשטיקען איהם, אין די אויערען האָט איהם כסדר געקלונגען דעם קעלנערס קול:

— עפּעס אַ פּרייער, טרינקט שאַמפּאַניער און האָט נישט צו צאָהלען...

# מענשען שלאָפען

אין וואַגאָן ווערט מען צייטווייליגע פריינד. איינער דעם צווייטען לייגט פאָר אַ פּאַפּיראָס, פרוכט, שאָקאָלאַד...

אין וואַגאָן...

אָט אין דעם דאָזיגען שטייגעל, וואו יעדער האָט זיך זיין פּלאַץ, זיין אָפּגעצוימט ווינקעלע און ווייטער ריר זיך נישט. גראָד אין דעם דאָזיגען קוואַדראַטעל פון אייזען, אין דעם דאָזיגען שטייגעל פון אייזען זעהט דער מענש אַ סך מאָל בעסער אויס, ווי אויף דער גרויסער און ברייטער גאַס פון לעבען.

מען ווערט פּלוצלינג בעקאַנט. אָן צערעמאָניעס רעדט מען זיך צונויף, כמעט אינטים, מען דערצעהלט פון אייגענעם לעבען, פון דער פערגאַנגענהייט, מען פערטרויט פּלענער פון דער צו-קונפט.

מען רעדט וועגען געזעלשאַפטליכע פראַגען, מען זידעלט די רעגירונג, מען פערטיידיגט דעם גערעכטען און בעליידיגטען.

וועגען וואָס רעדען דאָ ניט די מענשען?

וועגען שטוב-ענינים, וועגען קינדער-ערציהונג, וועגען יקרות, וועגען ליטעראַטור און מוזיק...

און נאָכאַמאָל צוגעטראָגען דעם פּאַרטסיגאַר.

אָט זיצען מיר דאָ זעקס מענשען אין אַ קופּע.

איינער — אַן אינזשינער — דערצעהלט ער כסדר פון בריקען, וואָס ער האָט געבויט און פון בריקען, וואָס ער האָט

ניט געבויט און קוים האַלט מען שויך ביי דער טעכניק, געהט מען איבער צו דעם ראַדיאָ־טעלעגראַף, צום ראַדיאָ־טעלעפאָן — וואונדער, איבער־וואונדער...

דער צווייטער — אַן אַדוואָקאַט... דערצעהלט ער בסדר וועגען די פּראָצעסען פון דער לעצטער צייט, וועגען באַנדיטען, וועגען טויט־שטראָף.

דער דריטער...

דער פערטער...

אַלע האָבען צו דערצעהלען וועגען עפּעס אומגעוועהנלי־כעס, ווייל וועגען דאָס געוועהנליכע איז ניטאָ וואָס צו רעדען.

איך...

איך זיץ מיר אין אַ ווינקעל — אַ לידעל־שרייבער, וואָס בין איך?

קיין בערג צעטראָג איך ניט מיט דינאַמיט, קיין נייע לופט־מאַשינען האָב איך ניט אויסגעקלעהרט, קיין בריקען בוי איך ניט, קיין מיניסטער־פּרעזידענט וועל איך קיינמאָל ניט ווע־רען.

איך בלייב אַזוי קליין ביי זיך, איך רוק זיך נאָך מעהר צענויף אין מיין ווינקעלע.

די רעדער קלאַפּען.

און מענשען רעדען...

מענשען באַרימען זיך איינער פאַר דעם צווייטען, מענ־שען־העלדען פּלאַפּלען פון זייער העלדישקייט. שטאָלץ זענען זיי, פון שטאָלץ־זיין באַרימען זיי זיך.

דער וואַגאָן טרייסעלט און...

עס שלאָפט זיך איין.

איך — אַ נייגעריג מענשעל האָב זיך ניט מיט וואָס צו בעריהמען, שלאָף איך דער ערשטער איין.

שלאָף איך איין — אפשר וועט זיך מיר אין חלום באַ־וויזען אַ שטאַרקער, אַ צווייטער איך, אפשר וועל איך באַלד אויפהויבען אַ גרויסען האַמער און וועלטען צעשמעטערען מיט איהם...

נאָר אין חלום קומט ווידער דער בייזער קריטיקער מיטן נאַרישען רעדאַקטאָר און קרומען זיך און ווייזען מבינות.

אויפגעכאַפּט זיך.

אין וואַגאָן ברענט אַ ביסעל ווייס ליכט. די רעדער קלאַפּען און מיט אַמאָל כאַפּט זיך אַריין דער פייף פון לאָקאָמאָטיו, וועלכער זאָגט אָן די גאַנצע שוואַרצע וועלט, ער זאָגט אָן די נאַכט, אַז ער פירט דאָ דעם קעניג פון דער ערד, דעם צעשטערער און בויער פון לעבען...

ו-הו...

זרייט דער פייף, דער מענש פאַהרט, דער מענש, וואָס ווערט קיינמאָל ניט מיד.

איך עפען אַ פערטעל אויג:

שטיל אין וואַגאָן, מען רעדט ניט, מען דערצעהלט ניט קיין נסים...

איך עפען אַ האַלבע אויג:

קיינער באַוועגט זיך ניט אין וואַגאָן, קיינער רעדט ניט, קיינער דערצעהלט ניט קיין נסים... אַלע זענען מיט אַמאָל שטיל געוואָרען.

דערלאַנג איך אַ ברייטערען קוק אַרום זיך;

אַלע שלאָפען.

די בעריהמער, די שטאָלצע העלדען, די ערפינדער, די קלוגע...

ווי נעבעכדיג זיי זעהען איצט אַלע אויס: איינער האָט פערלעגט דעם קאָפּ זיינעם אויפן אַקסעל און זעהן זעהט ער אויס איצט ווי אַ געשאָכטענער קורטשאַק — דער צווייטער שלאָפט און האַלט אָפען זיין מויל, ווי ער וואָלט וואַרטען, אַז אַ פליג זאָל אים אַריינפליהען אין האַלז אַריין.

דער דריטער ,האָט זיך אָנגעלעהנט צום צווייטען, ווי אַ ברודער צו אַ ברודער און זיין גאַנצער קערפּער בעט זיך: „לאָזט מיך שלאָפען”!

אַ געפיהל פון רחמנות נעהמט אַרום, ווען דו קוקסט אויף דעם פינפטען: ער שאָקעלט זיך ווי אַ לולב, ער האָט ניט אָן

עמען זיך אָגצוהאַלטען... דער צוג לויפט און טרייסעלט אים, אַט באַלד וועט ער פון באַנק אַראָבפאַלען.

שוואַכע, מידע נשמות...

אָנגערעדט זיך מיט בעריהמעריי וועגען מענשענס שטאָלץ און גרויסקייט, וועגען מענשענס אַלמעכטיקייט און מיטאַמאָל אַזוי נעבעכדיק איינגעשלאָפען.

איינגעשלאָפען, ווי די זויג=קינדער.

אַ שמייכעל לעגט זיך ביי מיר אויף די ליפּען, ווען איך קוק אויף די אונטערטעניגע מענשען=געטער.

און אַ ביסעלע בין איך זיי מקנא;

וואָס האָב איך עפּעס געעפענט די אויגען און גענומען קוקען, ווי אַנדערע שלאָפען? פאַרוואָס שלאָף איך ניט? וואָס וועק איך די געדאַנקען?

בעת די גלידער זענען מיד און עס ציהט אַזוי, עס ציהט...

... צום שלאָף...

# אַ קעפּעל.

## I

דער זאַמד אויפ'ן טייך־פּליאַזש גלאַנצט אויף דער זון, ווי אַ געלבליכער שניי: דין־דיניקע ברילִיאַנטען שעמערירען אין אים און פון וויטען זעט מען, ווי נאַקעטע קערפּערס הוידען זיך און שפּרינגען אין וואַסער. די קלאָרקייט פון דער העלער לייב זייערער טאָנירט זיך אַזוי אויסטערליש אָפּ ביי דעם גרינעם ברעג.

גרינס און נאַקעטער מענשען־לייב.

איבער אַלץ—אַ קלאָרער הימעל מיט עטליכע גרויסע פוי־געל, וועלכע פליען איבערן וואַסער און שרייען...

וועגען וואָס? צו וועמען? פרעגט נישט ביי דער נאַטור קיין שאלות! יעדע חיה, יעדער פויגעל האָט זיך זיין לשון און לעבט זיך, ווי די נאַטור האָט אים אָנגעצייכענט.

איך בין דאָ נאָך די ערשטע טעג. די פרייד און די רו־איגקייט פון זומער האָט מיך אַרומגעכאַפּט, כמעט ווי דערשראָ־קען און זעהר וויניג, דערפרייס. איך בין געקומען אַ מידער, אַ פאַרצווייפעלטער.

אָט וואַרף איך זיך אין זודיגען זאַמד, און זאָל דער הימעל

מיט זיין דורכזיכטיגען הייטעל פון בלויקייט זיך אראָפּלאָזען צו מיר, זאָל זיך דער זאַמד אויפהויבען צום הימעל—מיר איז אַלץ איינס.

איך האָב נישט קיין פאַרלאַנגען, איך קאָן אפילו נישט פאַרשטיין, וועלכע קראַפט עס האָט מיך אַהער געבראַכט אין דער האַלבער שטעטעל, אין דעם האַלבען דאָרף, וועלכע קראַפט האָט מיך געטריבען זוכען רואיגקייט?

אַ לייכטער ווינטעל לויפט איבערן וואַסער, שטויסט אָן איין פאַליע צו דער צווייטער, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם... און קומט דערנאָך אָן צום פליאַזש—הויבט אויף דעם אויבערשטען הייטעל פון זאַמד ווי אַ לייכטען-לייכטען שאַל, שיט מיר אָן אַ פולען קאָלנער, פאַרשטויבט מיר דעם קאָפּ און ווערט פאַרשוואונדען.

שטיל ווערט אַרום. די, וואָס האָבען געבאָדען זיך, זיינען ערגעץ פאַרקראָכען טיף אין די קוסטעס אויפ'ן ברעג, אַנדערע ליגען פון ווייטען, ווי טויטע, אָן באַוועגונג. פון פוילקייט ריר איך מיט מיין שטעקען איבער'ן זאַמד און מאָל אויס פאַרשיידענע אומפאַר־שטענדליכע היעראָגליפען, כינעזישע שריפט, אַ פליגעל פון אַ פויגעל, אַ פישעלע, ביז דער שטעקען פאַלט מיר אַרויס פון האַנט און די אויגען, מיט דער נשמה, מיט'ן גאַנצען קערפּער שווימען אַוועק אין שטח אַריין—איך ווער אויס.

און עס איז אַזוי לייכט די בלויקייט, לייכט די ערד. ערד, הימעל, וואַסער און בוימער, שטיינער, זאַמד... אַלץ האָט אַזאַ לייכט געוויכט באַקומען, פון אַלץ איז געוואָרען אַ שוועבענדער לייכטער קנויל, אין וועלכען עס שוועבען לופטיגע שטויבעלעך. איך בין אויך אַזאַ לופט-שטויבעלע אין דעם גרויסען בלויען קנויל. עס איז נישט פאַראַן קיין פאַרלאַנג העכער אָדער נידע־ריגער צו שוועבען. אָפּשטעלען זיך אָדער שוועבען ווייטער... עס איז נישט פאַראַן קיין פאַרלאַנג ביים לופט-שטויב...

שרייט מען פון ווייטען, כאַפּען זיך אויף ברעקלעך גע־דאַנקען-באַוואוסטזיין.

מען לאַכט, מען באָדט זיך ווידער אין וואַרעמען וואַסער: פרויען, קינדער, מענער.

וואָס גייט מיך אָן זייער לאַכען?

דאָס איז אַ מאָמענט ביי מיר אָן פאַרלאַנג, אַבסאָלוט אָן ווילען, אָן ערינערונג.

ערגעץ טיף אין מיר קלינגט אָפּ דאָס לאַכען, דער געשריי פון די פויגלען, עס קלינגט אָפּ אַזוי לייכט, פונקט ווי סאָמעט וואָלט גלעטען. צי איז מיר גוט? צי איז מיר שלעכט? ניין! דאָס איז אַ געפיל אָן פילען, אָן אָפּשטאַרבונג אָן ווייטאָג, אַ סוף אָן אַ סוף...

פלוצלונג... אַ קורצער געלעכטער טראָגט זיך אַריבער איבער מיין מידקייט, איבער מיר אינגאַנצען און וועקט מיך אויף.

איך דאַרף נישט טראַכטען, ווער עס לאַכט—די אויגען מיינע שטעלען זיך אָן אין אַ צווייטע פּאָר אויגען, יונגע פרייליכע אויגען פון איריס-פאַרב און אַ גאָלדענער קאָפּ.

אַ מיידעלש קעפּעל וויגט זיך פאַר מיר אַזוי נאָנט, פונקט ווי די זון וואָלט זיך טאַקע אַראָפּגעלאָזען צו מיר. אַ קליינע זונעל, אַ מיניאַטור...

דער זאַמד אַרום מיר, דער גרויסער פליאַזש איז אויך אַזאַ גאָלדענער, ווי איר קעפּעל, נאָר דער ווינטעל איז ווידער אַוועק אין אַ שפּאַציר איבער דעם לייכטען שטויב און ער האָט איינגעוואָלקענט אַלע מיינע געדאַנקען אויף אַ רגע און דאָס מיידעל פון מיר אויף אַ רגע פאַרשלייערט, באַהאַלטען...

איך האָב זיך דערשראָקען, טאָמער פאַרליר איך דאָס, וואָס מיינע אויגען האָבען דערזען און איך בין אויפגעשפּרונגען פון מיין אָרט. צוויי טריט געמאַכט—

זי שטייט נעבען מיר.

אַ לעבעדיגע יונגע פרוי, נישט קיין פאַנטאַזיע איז דאָס, נישט קיין וויזיע.

זי שטייט מיט אַ קליינעם מאָלבערט, זי האָט זיך דאָרטען געבאָדען, געוואַרעמט ביי דער זון און שפּעטער האָט זי זיך געמאָלט אַ לאַנדשאַפטעל, אָט יענעם נאָנטען פעלד, וואָס איז געשניטען אין אַזעלכע העל-גרינע, טונקעל-גרינע קוואַדראַטען...

און פאַר מיר איז די וועלט ניי-געבוירען איצט. די בלי-

קען לויפען אַנטקעגען דער זון. זיי לויפען צו די ווייטע בערגלעך, צו די נאָענטע טייך־פּאַליעס, וועלכע ווילען און ווילען נישט אַוועקשווימען ווייטער און מיט אַלע אויגען נעם איך אַרום די גאַנצע גרינקייט, וואָס אַרום טייך און אַ גרויסע אומפאַרשטענדליכע האָפנונג ווערט אין האַרצען געבוירען...

די מיניאַטור-זונעל קוקט מיך אָן, וויל עפּעס פרעגען און האָט נישט קיין דרייסט...

און צי ווייס איך ניט... יאָ, צי ווייס איך גיט, ווען וועט דער שיפער קומען מיט זיין שיפעל, זי וויל אַריבערפאָרען אויף דער צווייטער זייט, צום שטעטעל.

דער שיפער?... דער שיפער וועט קומען אַביסעל שפּעטער און דערווייל קען מען דאָ נאָך אונטערזיצען אויף דעם זאַמד. עס איז אַ שאָד אַזאַ זעלטענעם זון-טאָג.

זי ווידערשפּעניגט ניט, פּונקט ווי די זון, ווי די רואיגקייט, ווי דאָס קיל ווינטעל, וואָס קומט דיך בלויז צו דערפרישען, זי זיצט און דערציילט שוין פון איר אַרבעט. זי האָט ליב צו מאָלען, זי ווייס, אַז זי איז ניט קיין גרויסע קינסטלערין, נאָר זי האָט ליב צו אַרבעטען פאַר זיך אַליין און שפּילט זיך און שפּיגעלט זיך אין איר שאַפונג, ווי אַן איינפאַך בלימעל שפּיגעלט זיך אין וואַסער. די הענט אירע זיינען אָפּגעדעקט. דורכזיכטיגע קינדער-הענטלעך, קוים אַנטוויקעלטע. אַ ראָזע פאַרב באַדעקט זיי און וואָס העכער זיינען זיי מיט מער פוך באַשאָטען. עס דוכט, אַז דאָס האָט דער ווינט זיי פאַרשטויבט מיט׳ן גאָלדענעם זאַמד שטויב...

און איך ציטער אויף, ווען איר שמייכעלדיגער בליק גייט פון מיר נישט אַראָפּ. זי לאַכט פון מיר, וואָס? זי מעג טאַקי לאַכען. איך בין אַלט און פריידלאָז, זי איז אינגער פאַר דער יוגענט. איר שמייכעל גייט איר נאָך, ווי די שטראַלען גייען נאָך דער זון.

—פאַרוואָס באָדט איר זיך נישט?—פרעגט זי.

—איך האָב זיך שוין געבאָדען.

—פאַרוואָס גייט איר נישט צו די מענשען? זיי לאַכען דאָרטען.

—היינט ווילט זיך מיר זיין אַליין.

—איר זייט אַ מאָדנער...

טוט עס מיך הנאה, וואָס איך בין ביי איר אַ „מאָדנער״. נישט איך צו איר, זי איז דאָך צו מיר געקומען און אָט זיצט זי דאָ און גייט נישט אַוועק פון מיר און קוקט מיך אָן כסדר...

פון ווייטען רופט אונז דער שיפער. מיר פאָרען צום ברעג, זי זיצט מיט די באָרוועסע פיסלעך און עס ציט איר צום וואַסער אַזוי ווי אַ פישעל.

לאַכט זי פון יעדער קלייניגקייט און פון דעם, וואָס איך צייל די ווערטער און קוק איר אַזוי געדיכט אָן:

—קוקט ניט אויף מיר אַזוי געדיכט, איך וועל זיך פאַר־שעמען.

שמייכעל איך,—אַ שטראַל שעמט זיך ניט, עס לויכט און אַ סוף.

מיר זיינען שוין אין שטעטעל. מיר גייען דורך צורואי־נירטע גאַסען, פון דער מלחמה צעשטערטע. האַלב־אומגעפאַלענע הייזער שטייען אונטערגעשפאַרטע מיט שווערע קלעצער. זי גייט מיט מיר און דערציילט דערביי, אַז זי האָט מורא פאַר די היי־זער, ווען זי גייט פאַרביי, טאָמער פאַלט איין אַ וואַנט, אַ קוי־מען... טאָמער פאַלט עס איין,—און זי לאַכט אַליין פון איר שרעק.

אויפ׳ן מאַרק שטייען די בעל־עגלות. דערלאַנגט איינער פון זיי אַ קנאַק מיט׳ן בייטש, אומישנע, כדי אונז איבערצושרעקן, חוזק מאַכען פון אונז און די קליינע דערלאַנגט אַ געשריי, פונקט ווי מען וואָלט איר אין האַרצען אַריינגעשאָסען, נאָר באַלד באַרו־איגט זי זיך און לאַכט ווידער...

איך קאָן ניט שוין אַראָפּנעמען מיינע אויגען פון איר ליכ־טיגען קאָפּ, פון דער קליין־זונעל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזען צו מיר אויף דעם דורכגעבערענטען זאַמד. ווען איז זי דאָ אויס־געוואַקסען? ווי אַזוי איז זי דאָ אויסגעוואַקסען? צווישען די רואינען! אין די יאָרען—פון צעשטערונג און מלחמה.

און די אַלע אומגליקען פון די פינף יאָר, וואָס איך האָב

אַרומגעוואַנדערט און אַזוי אַלט, אַזוי מיד געוואָרען.

דאָס לעבען איז אַזוי בייז און ווילד געוואָרען פון בלוט און פאַרניכטונג. און דערביי איז פון אַ קליין מיידעלע געוואָרען אַ גרויסע, אַ פרוי... אַ שיינס.

דאָס שלעכטע און ווילדע איז זיך געגאַנגען אויף איין וועג און אויף דעם צווייטען האָט געבליט און געוואַקסען די שיינקייט אָן שטערונג. אָדער גאָר, אויף דעם זעלביגען וועג פון לעבען זיינען זיי ביידע געוואַקסען: דאָס שלעכטע און דאָס פיינע.

קינד, פריילינכס! איך בין ניט פאַרליבט. איך בין בלויז איבערראַשט. כ'האָב געמיינט, אַז אַלץ איז געשטאָרבען, אַז אונ־טער די רואינען ליגען באַגראָבען אַלע פריידען און האָפנונגען, אַז קיינמאָל וועל איך שוין ניט הערען אַזאַ קלינגענדיגען גע־לעכטערל, ווי דיינס און ניט זען אַזאַ העלען בליק.

איך בין ניט פאַרליבט, נאָר לאָז מיך זיך אָנקוקען אין דיין נאַאיווער נשמה, איך האָב צופיל ספקות. פרעג מיך גוטמו־טיגע פראַגען און איך וועל דיר מיט הכנעה ענטפערען.

דאָך דערציילען דיר פון יענעם שרעק און אומזין, וואָס איך האָב זיך אָנגעזען, וועל איך דיר ניט. איך וועל דיר ניט אויסזאָגען, אַז איך קאָן שוין מער נישט גלויבען, ניט לאַכען.

צוקומענדיג צו איר הויז לאָזט, זי מיך שוין נישט אַוועק־גיין:

—וואָס הייסט? וואוהין גיי איך? זי האַלט זיך מיט מיר, אַזוי ווי מיט אַן אַלטען באַקאַנטען.

עס ווילט זיך מיר בלייבען און אין דער זעלבער צייט בעט איך זיך אָפּ:

—איך בין פאַרנומען. איך מוז גיין בריף שרייבען...

—צו וועמען?—פרעגט זי—צו אַ כלה? און באַווייזט אַ דראָ־הענדען קליין־פינגערל און אַנטלויפט...

איך גיי אָפּ פון איר מיט אַ גרויסער אינגעלשער פרייד. איך גיי און לאַך פון זיך אַליין און מיר דאַכט, אַז די שטראַלען, וואָס פלאַנטערן אינגאַנצען אַרום, די שטראַלען לאַכען אויך פון מיר...

עס האָבען זיך אָנגעהייבען רעגענס. זיץ איך ביי דער קליי-
נער אין אַ העלען צימער. דורך די פענסטער זע איך אַן אַלטען
מאָנאַסטיר מיט די קליין-קליינע פענסטערלעך. אויף דעם גאָטי-
שען שפּיץ זיצען צוויי פאַררעגענטע קראָען, אַ שטיקעל ווייט
פעלד זעט זיך אין נעבעל. פון די נאָנטע בוימער גיסען זיך
טרערען.

די בוימער וויינען. פון צווייג אויף צווייג פאַלען די טרע-
רען און אויף דר'ערד קלייבען זיך אָן קליינע אויסגעווייק-
טע סאַזעלקעס. אַלץ וואָס לעבט האָט זיך באַהאַלטען אין
די טרוקענע נעסטען, נאָר אַ גרויסע אָנגעשוואָלענע זשאַבע
טאַנצט מיט שטומע גרויסע שפּרונגען אין דער נאַסקייט פון
גאָרטען, אין דעם צעווייקטען גראָז און קוועלט אָן פון יעדען
זומפּעלע.

גרוי די וועלט, פון ערד ביז הימעל גרוי און פאַר-
ווייגט, בלויז די גרינע בלעטער גלאַנצען פון נאַסקייט און זאָ-
גען עפּעס צו מיט זייער גלאַנץ.

אַן אומעטיגע פאַרצווייפעלטע וועלט,—נאָר ביי איר אין
צימער איז אַ יום-טוב פון די יום-טובים. זי רעדט און דערציילט
ערינערונגען פון איר קינדהייט, וואָס האָט זיך נאָך אפשר ניט
געענדיגט. דערציילט מיר נאַאיווע געשיכטעס פון זיך אַליין און
פון אירע חברטעס. איך וואָלט וועלען, אַז דאָס שמאָל מיילכעל
זאָל זיך ניט צומאַכען. אין וועלכען ווינקעל פון צימער זי זאָל
ניט טראָגען איר העלען קאָפּ, ווערט דאָרטען ליכטיגער.

אין איר צימער זיינען אָנגעוואָרפען ניט דערמאָלטע ביל-
דער: אַ שטיק קלויסטער, אַן אַלטער שייער אַן איינגעפאַלענער.
זי האָט דאָ געבראַכט אין צימער שטיקלעך פון זומער, זכרונות,

איך ווייס ניט, צי מיין אַמאָליגע רואיגקייט וועט צוריק
קומען, נאָר דערווייל איז גוט, אַזוי גוט, אַז איך פאַרמאַך די
אויגען און אַלע לאַנגע יאָרען פון פיין פאַלען אַראָפּ... עס, ווייט-

ווייט אויף יענער זייט פון מאָנאַסטיר.

דער ווייסער פאַרהאַנגעל אויף איר פענסטער רייסט זיך אַהין צום פעלד און אַהער צו אונז. הין און צוריק, ווי אַ צו־געבונדענער פויגעל. איך הער, ווי עס פלאַטערט דאָס פאַרהאנגעל. איך הער, ווי זי רעדט, די קליינע, און עס דוכט זיך מיר, אַז אַ פויגעל זינגט. נאָר איר דוכט זיך אויס, אַז איך בין אַנטשלאָפען געוואָרען, ווערט זי שטיל, ווי אַן איינגעשלאָפענע טויב. איך הער קיין טריט נישט אין חדר, קיין שאָרך ניט, אויסער דאָס פאַרהאַנגעל פלאַטערט. און פּלוצ־לונג דערהער איך, ווי אין קלויסטער נאָענט, נעמט שפּילען דער אָר־געל. אַ פאַרגאַנגענע וועלט שוועבט פאַרביי אין די טיפענישען פון זכרון. אַ שטרענגער יום-טוב. אַ ריטמישער שפּרייזען פון מאָנאַכען און גלחים. קניענדע מתפּללים, ענגע, שטרענגע ווענט פון פּרייוויליגע תּפיסות. שטילע זיפצען, שטילע תּפילות...

מיטאַמאָל אָבער רייסט זיך דער אָרגעל אָפּ. דאָס האָט עמיצער פון די קלויסטער-דינער פון לאַנגווייליגקייט גענומען שפּילען אויף דעם אָרגעל און פון לאַנגווייליגקייט אויפגעהערט.

איך עפען אויף די אויגען. צי עס האָט זיך מיר בלויז אויסגעדוכט: די וואָלקענס האָבען זיך געעפענט און אַ שטיק בלויער הימעל, אַ שטיק ליכטיגע פרייד, האָט זיך באַוויזען. די וואָלקענס האָבען עס ווידער פאַרדעקט, נאָר אין האַרצען איז די פרייד געבליבען...

—קליינע!

זי לויפט צו:

—איר שלאָפט שוין נישט? און רואיגע בליקען קוקען אויף מיר און זיינען גרייט צו שפּאַסען און לאַכען.

ווער האָט עס איר געשיקט צו מיר מיט איר רואיגקייט? אין וועלכע טיפענישען פון מיין האַרץ וויל דער מלאך אַריינ־דרינגען? וועלכען שטורעם ברענגט ער מיר?

ניין, איך בין רואיג, רואיג. איך דרימעל ווידער...

שפּעטער הער איך, אַז אין צימער רעדט ווער: אַ פויער־טע האָט יאַגדעס געבראַכט, און ווען איך עפען די אויגען, שטייט זי פאַר מיר מיט אַ טעלער, אין וועלכען עס איז פול אָנגעשאָ־

טען מיט יאַגדעס רויטע, צייטיגע פון רעגען, דערפרישטע יאַגדעס. ווי קינדער כאַפּען מיר זיך ביידע דערצו און לאַכען דערביי... שטילער, אפשר טאָר מען גאָר אַזוי הויך ניט לאַכען?

זיצען מיר שוין און שווייגען. איך קוק זי לאַנג אָן.

איך וואָלט וועלען אָפּמאָלען אירע אויגען, נאָר דאָס איז ניט אַזוי לייכט. געוויינליך זאָגט מען אויף אַזעלכע אויגען: „בלויע", נאָר בלויקייט האָט צענדליגער שאַטירונגען און טאָנען. ביי פיל מענשען הויבט זיך בלויקייט אָן פון בלענקעט, פון סעלעדין-פאַרב און עס ענדיגט זיך מיט דעם טונקעלען בלוי-קאָליר פון פיילכען. ניט אַלע אונטערשיידען די שאַטירונגען. ביי אַ מאָלער קומט פון דעם עפּעס אַרויס, ווען ער מאָלט אויגען, ער קאָמבינירט מיט די פאַרבען, ער פאַרטונקעלט און פאַרהעלט, ביז אַ פרייד לייגט זיך אויף זיינע ליפּען: ער האָט געטראָפען.

איר וואָלט ניט וועלען זאָגען אויף אירע אויגען, אַז זיי זיינען בלוי. דאָס איז אַזוי אַלט און אַזוי ווייניג ווערט מיט דעם געזאָגט.

רואיגקייט און לעבענס-לוסט, דרייסטקייט און צוריקגעהאַלטענקייט... וועלכע געפילען לעבען ניט אין די צוויי פאַרביגע שרעטעלעך אונטער אירע ברעמען. זיי זיינען ניט גרויס אירע אויגען, נאָר טיף. באַמערקסט זיי און גייסט אַוועק ווייטער אויף אַ צווייטער גאַס און עפּעס גייט דיר נאָך, ווי עס וואָלט דיר איינגעהילט אַ בלויער, אַ לופט-לייכטער שלייער. ווילסט אים ניט אַראָפּוואַרפען דעם שלייער, האָסט זיך מורא האַסטיגער צו שפּרייזען, טאָמער וועט זיך דיר די איידעלע קאַנווע איבעררייסען און פאַרשוואונדען ווערען. און אַמאָל טרעפט, אין שעה'ן אַרום נאָך דער באַגעגניש שוועבען די אויגלעך אַרויס פאַר דיר, ווי אַן אומגעריכטער קליינער רעגענבויגען און צו וועלכען זייט דו זאָלסט זיך נישט ווענדען—אומעטום די אויגלעך...

זי איז קליין און שיין. זי איז פון יענע פרויען, וועלכע דערמאָנען אַפילו אין די שפּעטערדיגע יאָרען אַ קליין-מיידעל עס איז נייגעריג, עס איז אַזוי רייצענד צו טראַכטען, אַז ד. דאָזיגע מיידעלע טראָגט אין זיך אַלע פאַרלאַנגען און שטרעבונ-

בען פון די גרויסע, שטאָלצע פרויען: ליבע, אייפערזוכט, אינ־טריגע און קאָקעטעריי... און ווער ווייסט, וועלכע נאָך געפילען עס באַהאַלטען זיך אונטער דעם ווייסען שטערן?

איר שטערן איז אַ הויכער, קליינע הערעלעך רייסען זיך אים צו באַוואַקסען, נאָר די האַנט, וואָס פאַרקעמט זיי די האָר אַרויף, דערלאָזט ניט דערצו. קוקסט אויף איר, בעת זי רעדט און פילסט, אַז דער מחיל אַרבעט און באַטראַכט אַלץ גענוי, נאָר רירט זיך ניט אויף קיין קנייטשען: איר זאָרגלאָזיגקייט און אינערליכע גאַנצקייט וועט צו קיין קנייטשען ניט דערלאָזען.

ביי יעדען ערנסטען און ניט ערנסטען געשפּרעך, ביים באַגעגענען זיך און ביים שיידען זיך—שטענדיג ליגט אַ שמייכל אין די קאַנטען פון אירע אויגען און אויף די ליפּען, נאָר לוי־כען הויך, איבערטריבען, וועט זי קיינמאָל ניט.

איז מיר נאָנט, ווייל זי איז איינפאַך און ניט שרייענ־דיג אין איר שיינקייט. מיך פרייט, וואָס קיינער גייט ניט פאַר־ביי גלייכגילטיג, ווען זי קומט אָן. זי רופט באַשטימט ביי יע־דערען אַרויס אַזאַ געפיל פון בענקשאַפט, אַזאַ ציטער, ווי ביי מיר. דאָס איז אַ בענקשאַפט צו עפּעס ווייטעס, אומדערגרייכטעס. אומרואיג און גוט ווערט אויף דער נשמה, ווען דו דערזעסט איר. בעת דו רעדסט מיט איר, בעת דו זיצסט מיט איר באַזונדער, דוכט זיך דיר, אַז זי איז מיט דיר נענטער, ווי מיט אַלעמען. נאָר באַלד קומט צו אַ צווייטער און זי באַגעגענט אים מיט'ן זעל־בען שמייכעל—עס פאַרדריסט, דו אייפערסט, כאָטש דו ווערסט זיך אין דעם ניט מודה זיין.

איך וויל זיין רואיג, אינגאַנצען רואיג זיין און אָביעקטיוו. צופיל זאָרג און נויט, צופיל בלוט און צרות האָב איך זיך אָנ־געזען, און אַז איך האָב מיטאַמאָל דערזען אַזאַ לוסטיג פּנים, איז מיר בעסער געוואָרען אויף דער נשמה.

און אין דרויסען רעגענט לאַנגזאַם, האָפענונגסלאָז רינען די טראָפּענס פון די דעכער, פון די פענסטער, פון די בוימער. עס דוכט זיך אויס, אַז דאָס גרויסע גרויע לעבען ווערט צערונען אין די לאַנגזאַמע טראָפּענס...

אָבער איין קוק אין צימער אויף דער קליינער, איין קלאַנג פון איר קול, איין שטראַל פון איר בליק און—זון שפרייט זיך אויס אויף דער נשמה.

—קליינע!

—וואָס?

—עס איז גוט וואָס דו ביזט, וואָס איר זייט קליין געוואַקסען. אַ פרוי באַדאַרף זיין קליין, שוועבעדיג, און די דאָזיגע לייכטקייט נעמט צו דעם בליי פון אונזער נשמה... אַ פרוי באַדאַרף זיין קליין און שוועבעדיג.

לאַכט זי.

אַמאָל פלעג איך זיך פאַרליבען אין אַזעלכע פרויען. נאָר וויפיל איז דער שיעור? אַ מענש באַדאַרף זיך בייטען.

אויב ניט, קומט אויס צו אַלעמען ריידען דיזעלבע ווערטער. דאָס האָט אָבער שוין דערעסען. איך וויל זיין איצט בלויז אַ צושויער. זאָל זיך די נשמה צאַפּלען, איך וועל איר אַליין אויסלאַכען און מיט די אויגען וועל איך קוקען און באַוואונדערען יעדען בויג, יעדען שפרונג פון מיין גייער באַקאַנטער. נאָר אויב עס וועט ווערען שווער, אויב די ירושה פון אַמאָליגע פאַרליבענישען וועט זי אויך דאָ אָפּרופען, וועל איך דאַן אַנטלויפען פון דאַנען.

אַזוי האָב איך באַשלאָסען.

אין די רעגען-טעג האָב איך דערזען ביי איר דעם ערשטען עגמת-נפש: איר ברוינקייט, וואָס זי האָט באַקומען פון דער זון, האָט געגומען בלייכער ווערען און זי האָט פון דעם שטאַרק געליטען. זי וויל אין שטאָט קומען מיט אַ ברוינעם, פאַרברענטען פנים, זי וויל אַזוי ווי אַלע מענשען מיט עפּעס איבערראַשען אירע נאָנטע.

עס קריכען אָבער שווערע בלייערנע וואָלקענס און גיסען מיט רעגען. זיי ווילען גאָרניט וויסען, וואָס דאָ אונטען טוט זיך, אַז אַ קליין שיין מיידעל טופּעט מיט די פיסלעך אויפ'ן הימעל,— נאָר דער הימעל מאַכט זיך ניט וויסענדיג.

עס גיסט ס'איז עס גיסט.

ביי מיר איז צוגעקומען אַ [illegible]

איך רוף יעדען טאָג די זון און איך קוק מיט פּחד, ווי די ברוינקייט פון דעם רונדען פּנימ׳ל ווערט אַלץ מער פאַר־שוואונדען.

עס געדויערן טעג. יעדער באַגינען רוק איך מיט שרעק אַרויס דעם קאָפּ פון פענסטער. בליי און בליי. אַ שטיקעל וואָל־קען, וואָס איז אַביסעלע העלער, דערפרייט, מיך. רעגענט נישט אַ פּאָר סעקונדען, טראַכט איך, אַז שוין אַ סוף, נאָר באַלד נעמט ווידער גיסען און די בוימער וויינען צוזאַמען מיט מיין נשמה. ניין, מיין נשמה וויינט—איך ווער שטאַרק אין כּעס אויפ׳ן הימעל, איך ווייז אים אַ פויסט, איך וועל אָננעמען מיטלען...

עס האָט געהאָלפען. ביינאַ[illegible] איז געווען אַ גרויסער ווינט און ער האָט צעיאָגט די וואָלקענס. אינדערפרי איז אַרויס די זון און ווי וואַנזיניגע זיינען די שטראַלען געלאָפען איבער אַלע כּאַזעלקעס און טייכלעך. געקושט האָבען די שטראַלען יעדען צווייג און בלאַט.

באַגריסט זיי, הימעל!

דו שיינסט שוין ווידער און טריקענסט אָפּ פאַר אונז אַלע וועגען און שטעגען. מיר שפּאַצירען אין אַזעלכע ערטער, וואו מענשען קומען זעלטען. זי שפּרייזט אַ באָרוויסע. דעם גאַנצען זומער גייט זי אַזוי אַרום, אין רעגענס און אין זון־טעג. ביי־טאָג און ביינאַכט. דאָס שטעטעל איז שוין צוגעוואוינט צו איר, הגם פון די געוועלבער און פון אַלע שוועלען קוקט מען זי נאָך און ניט איינמאָל הער איך, ווי מענשען שושקען זיך: „סאַר אַ שיינע!"

זי איז גרויסאַרטיג אויף דעם פּאָן פון דעם אַלטען יודי־שען שטעטעל, צווישען די רואינעס און צווישען די פּורילעך אין אַ יאָרמאַרק־טאָג. אין אַ ווייסע קלייד מיט באָרוויסע פיס, מיט צוויי אַריבערגעוואָרפענע צעפּלעך איבער די אַקסלען. אירע האָר וואָלט איך ניט אָנרופען „גאָלדענע", נאָר ווען די זון שיינט אויף זיי, בעט זיך אַזאַ פאַרגלייכונג. אמת׳ע דינע גאָלד־פעדעם, און די צעפּלעך, וואָס פאַלען אַרונטער איבער דער ווייסער לייכטער קלייד, מאַכען אַן איינדרוק פון צוויי גאָלדענע שטראָמען, וואָס

נאָכ׳ן רעגען. דאָס וואַסער קלאָר, דורכזיכטיג און לאַנגזאַם, ניטאָ קיין שטיינדלעך, וואָס פאַרהאַלטען עס. אַזוי זיינען מיינע געדאַנקען.

עס וואָלט געווען קאָמיש זיך צו פאַרליבען אין דעם דאָזיגען שמעטערלינג. צופיל ווערטען האָט מיין נשמה איבערגעשאַצט, צופיל ספקות. נאָר דער שמעטערלינג רייצט און פרייט...

עס איז טשיקאַווע. איך וועל אים נאָכיאָגען. אין וועלכע סאָלען וועט ער מיך פאַרפירען?

אַמאָל נעמט זי מיט פאַרב מיט׳ן מאָלבערט. זי נעמט זיך צום מאָלען און איך קוק צו. פרעג איך עפּעס, ענטפערט זי ניט. שווייג איך שוין. איך קוק אויף איר אַרבעט, אויף דער אָנשטרענגונג פון איר בליק...

און עס ווילט זיך מיר אַליין נעמען מאָלען, ווי די קליינע פרוי וויל כאַפּען אויף אַ קליין שטיקעל לייווענט אַ גרויס שטיק גאָט׳ס לעבען.

איך לאָז זיך אַוועק אין די בערגלעך, אין די טיפע טאָלען און קום פון דאָרטען מיט עטליכע בלאָע וואַלד-גלעקלעך. זי כאַפּט עס צו, אין אויגענבליק באַקומען די בלומען אַן אַנדער אויסזען: וואו מען באַדאַרף אָפּגעריסען, אויסגעגלייכט און צוגעשפּילעט צו דער בלוזע.

אָט אַזוי פאַרגייען ביי אונז טעג

מיר זיינען ניט קיין חתן-כלה. ווי קומט עס? אָבער דאָ אין שטעטעל זיינען מיר די נאָענטסטע צווישען זיך און אַלע זיינען אונז איבעריג, פרעמד-ניט-פרעמד, אַלץ איינס.

זי שפּילט, שטיפט, טאַנצט און שפּרינגט, נאָר אין דערזעלבער צייט איז זי רואיג.

וואו זי גייט, באַגלייט איר דיזעלבע גלייכגעוויכט, אויפ׳ן אַלטען בית-עולם צווישען שטיקלעך פון צעבראָכענע מצבות, אויפ׳ן האַסטיגען שטראָם פון טייך אין אונזער קליין שיפעל. זי איז רואיג, זי גיט מיר זיכערקייט און דרייסטקייט. איך מוז זיין דרייסט צוליב איר. זי האָט שוין אַנטדעקט אַלע מיינע שוואַכ-

פליסען אראפ.

פון אַלע זייטען פליען צו אונז נייגעריגע בליקען. איר באַרוויס גיין, אירע בליצעדיגע גאָלד-צעפּ שטעלען אָפּ יעדענס בליק, נאָר זי גייט, ווי זי וואָלט קיינעם נישט זען, קיינעם נישט הערען. פונקט ווי מיר וואָלטען זיך אַ ליניע אָנגעצייכענט און קיין זאַך שטערט אונז נישט.

—אפשר צום טייך? גייען מיר צום

אפשר אויפ'ן באַרג? אַלץ איינס. היינט איז זוניג אומע-טום.

און קלייבען קלייבט זי זיך שטענדיג אויס די קרומסטע שטע-געלעך, אויף שטיינער קלעטערן, אַבי נישט גיין גלייך. אין שי-פעל אויפ'ן טייך זיצט זי נישט איין. „קינד! יענע וואָך איז איינער דערטרונקען געוואָרען." באַקום איך אַ „פּחדן" דערפאַר.

אין שטעטעל רופט מען אונז: „חתן-כלה", ווייל שטענדיג זיינען מיר צוזאַמען, נאָר אין דער אמת'ן האָב איך איר מער, ווי עטליכע אויפריכטיגע קאָמפּלימענטען נישט געזאָגט. מיר ריי-דען וועגען אַלץ אין דער וועלט, נאָר ניט וועגען זיך אַליין. איך דערצייל איר פון גרויסען בער-לאַנד רוסלאַנד, פון טיפע שנייען און ווייסע צפון-נעכט, ווען הויכע בוימער ציען זיך, ווי טונקע-לע ליכט צום הימעל, פון דער צפון-נאַכט, וועלכע קוקט מיט אָפענע אויגען אויף דער שלאָפענדיגער וועלט. איך דערצייל איר פון שוואַרצען שטורמישען ים, פון קרים, פון הויכען טשאַטיר-דאַג, פון אַי-פּעטרי, וואו די לעצטע אָדלערס שוועבען און שרייען.

און זי מיר דערציילט נאָך-ניט-פאַרגעסענע איבערלעבונגען פון דער קינדהייט, עפּעס אַ מעשה, ווי זי מיט אירע שוועסטער זיינען געגאַנגען יאַגדעס קלייבען און זיי זיינען אַ טייך אַריבער-געגאַנגען נאַקעט, פון שטאָט דערציילט זי, פון אירע באַקאַנטע.

ניין, ניט קיין ערנסטע דיאַלאָגען פירען מיר. מיר ביידע מיידען עס אויס. איבערהויפּט טו איך עס. איך פּאַס זיך צו. עס ווילט זיך ניט פליען הויך, ווען דאָ אונטען איז אַזוי גוט און רואיג.

קייטען פאַר דער צייט פון אונזער קאָנטשאַפט און איך פּאַר־פלאָנטער איר אומישנע, זי זאָל מיין כאַראַקטער ניט דערקענען וואו איך בין רואיג, מאַך איך זיך אָפטמאָל צעשראָקען, און איך בלייב רואיג דאַן, ווען דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט צו שטאַרק. איך פיל, אַז זי וואַרט אויף מיר. דאָס צימערל איז צוגעפוצט פאַר מיר. זי וועט דאָך גלייך פרעגען, ווי געפעלען מיר די בלומען, די לעבעדיגע און די געמאָלטע.

נאָר זאָל איך ניט קומען, וועט זי זיך קנאַפּ טרויערן און מיט אַ צווייטען וועט זי אויסליידיגען דעם טעלערל רויטע יאַגדעס. אַזוי דאַכט זיך מיר און אפשר... ווער ווייס?...

עס גייען איר נאָך פיל פון די אָנגעפּאָרענע יונגעלייטלעך. אַלטע פריצים קוקען זיך עטליכע מאָל אַרום, ווען זיי דערזעען זי, דער קסיאָנדז פון הונדערט־יעריגען מאָנאַסטיר קוקט עפּעס צופיל אַרויס פון אַ קליין פענסטערל אויף איר הייזעל.

—קליינע!

—וואָס?

—דו, ווייסט, אַז די גאַנצע שטעטעל איז פאַרליבט אין דיר... אַלע קוקען דיך אָן.

—און איך?—זאָגט זי,—איך קוק זיי דען נישט. אַלע, אַלע זיינען אַזעלכע גוטע, אינטערעסאַנטע.

אָי, איך בין אַ שלעכטער מענש. איך טראַכט גאָר נישט אַזוי און צייטענווייז פאַרדריסט מיך, וואָס זי טראַכט נישט אַזוי ווי איך. יאָ, נאָר דאָס זיינען בלויז רגע׳ס.

גליקליך בין איך אין יענע רגע׳ס, ווען זי שטייט און מאָלט און איך קוק זיך איין פון דערווייטען.

אָט פאַרגלוסט זיך איר אַרויפציען אויפ׳ן לייוועַנט יענע דינינקע בעראָזקעלע און עס קריכט אַלץ מער אַרויס, אַלץ נענ־טער קומט צו דאָס בוימעל צו איר און זי קוועלט, בעת אויפ׳ן לייוועַנט באַווייזען זיך שוין די גרין־געלאָקטע צווייגען.

ען... און דאָ וויגען זיך ניט ווילענדיג די זאַנגען נעבען מיר, אַ לערכע טרעלט אין דער לופטען. עס ווילט זיך מיר זעהר דערמאָנען מיין קינדהייט אין אַזעלכע רגע׳ס און איך זוך טיף

אין די געדאַנקען ערינערונגען פון די קינדער־יאָרען.

דאָ נעבען מיר שטייען עטליכע ווילדע בוימלעך מיט פעלד־רויזען. עטליכע בלומען פון זיי האָב איך אָפּגעריסען, און זיי וואַלגערן זיך נעבען מיר. האָבען די האָניג־בינען אַ טעות, זיי מיינען, אַז איך בין אויך אַזאַ קוסט און זיי פליען אַרום און זויגען פון די בלומען דעם זאַפט, דערוויל זשוזשען זיי איבער מיין קאָפּ, מיט אַזעלכע לאַנגזאַמע וויאָלאָנטשעל־טענער... זשו, זשו, זשו...

אַנדערע פון די בינען רירען מיך אָן מיט זייערע פליגעלעך, מיט זייערע האָריגע פיסעלעך און אַנטלויפען.

איך עפען די אויגען און שלינג אַריין מיט זיי גאַנצע שטיקער בלאָען הימעל אין דער נשמה און אַפילו יענעם דורכזיכטיגען ווייסען וואָלקען, וואָס האָט זיך געלאָזען אונטערן וואַלד. ער וועט זיך נישט באַהאַלטען. מיינע מידע אויגען האָבען אים איינגעשלונגען און דער בלענקעט באָדט זיך אין זילבער און דער זילבער באָדט זיך אין בלענקעט. אַלץ איז אַזוי לייכט, לופטיג. די גאַנצע גרויסע וועלט ליגט אויף דער נשמה, ווי אַ ווייס, קליין פעדערל פון אַ טויב...

און די אויערן כאַפּען קוים אויף די קלאַנגען פון דער נאַטור. דעם זשו־זשו פון די בינען...

עס אָטעמט זיך לייכט. די לופט איז שכור און זיס. איך דרימעל און אין דרימעלשען וואוילטאָג עפען איך און פאַרמאַך די אויגען.

איך פיל שוין גאָרנישט...

נאָר אָט בייסט זיך לאַנגזאַם אַ בין. ניין, עס וויל מיך אַ ביס טאָן. איך בין אָבער אַזוי פויל, אַזוי פויל און דרימעריג. אונטער די פאַרמאַכטע ברעמען איז געבליבען אַ שטיק בלאָער הימעל און מיין נשמה באָדט זיך אין אים, אין די אויערן קלינגען קלאַנגלאָזע קלאַנגען. דאָס האַרץ קלאַפּט און קלאַפּט ניט...

וואָס וויל די בין פון מיר? איך הויב אויף אין מידקייט אַ האַנט און טרייב זי אַוועק.

נאָר זי טאַנצט מיר ווידער אויפן נאָז, אויף די ליפּען,

אויפ'ן שטערן. זי וויל מיך פאַרט אַ ביס טאָן.

איך פּאַכע עטליכע מאָל מיט'ן האַנט, ביז איך עפּען אויף אַ שטיקעל אויג...

עך, דו גנבטע! די קליינע שטייט נעבען מיר אויף די קני און מיט אַ זאַנג רירט זי מיך דאָס אָן און איך האָב גע-מיינט, אַז דאָס איז אַ בין.

זי לאַכט, אָי, ווי זי לאַכט,—און דער גאַנצער קערפּער, דער יונגער ביוסט, די הענטלעך, אַלצדינג וויגט זיך אין דער ווייס־דורכזיכטיגער קלייד.

זי לאַכט און רייצט און צערייצט מיך.

איך ווייס ניט, ווי עס געשעט, איך דערלאַנג זי אַ כאַפּ אַרום און אירע ליפּען ברענען זיך אָפּ פון מיינע.

הימעל, פעלד, האָניג-בין, זעט נאָר,—די קליינע וויינט, וויינט מיט אמת'ע טרערען.

דאָס איז, זאָגט זי, דער ערשטער קוש, וואָס זי האָט באַ-קומען, קיינער האָט עס נאָך נישט געוואַגט.

אַלע מיינע אַרגומענטען, מיינע בעסטע ווערטער באַנוץ איך אויף אַרויסצורופען ביי איר אַ קליין שמייכעל.

נאָר זי שווייגט.

בעט איך זיך ווידער ביי איר. פאַרלאַנגט זי פון מיר איך זאָל צוזאָגען, אַז מער וועל איך דאָס ניט טאָן.

—גוט, גוט, גוט... איך זאָג צו.

באַקום איך אַ שמייכעל און אין האַרצען זאָגט מיר דער שמייכעל אָן, אַז מאָרגען וועל איך זי ווידער קושען...

און וואָס וועט זיין מיט מיין רואיגקייט?

ווייק-פאַרגייענדיגע זון, גרילען פון וואַלד, פאַרשפּעטיגטע שוואַלבען! זאָגט מיר, זאָגט מיר, וואָס וועט זיין מיט מיין רו-איגקייט?

# אין בליען...

בײטאָג איז זי מיר פרעמדער, ווען מיר באַגעגענען זיך, דערמאָנען מיר קײנמאל נישט די פאָריגע נאַכט. עמעץ קוקט אויף אונז, מען ווייס פון אונזערע טרוימען.

שפּילט זיך מיט איר פּאַפּאַ אין קאָרטען, קוקט זיך פון פענסטער אַריין, פון גאָרטען און פרעגט:

—ווער געווינט?

בעט איך איר, זי זאָל זיך זעצען נעבען מיר, וועט זיין מזל׳דיגער.

—און דער פּאַפּאַ?—זאָגט זי—ווער וועט זיצען נעבען פּאַפּאַ? זי אַנטלויפט...

פאַרנאַכט גייען אַלע אינאיינעם שפּאַצירען. איך גנב׳ע זיך אָפּ. עס איז אָנגענעם צו זיין אַ רגע אַליין אונטערן פרייען הימעל. איך פאַרגעס אָבער נישט אַדעלען און רייס אָן בלומען פאַר איר. ווען איך קום צוריק, פרעגט זי מיך די ערשטע:

—וואו ביזטו געווען? בלומען געריסען? וואָס וועסטו טאָן מיט אַזוי פיל?

—אָט וואָס...

און איך פאַרשיט זי מיט די בלומען.

מיר גייען אַרויף אויפ'ן באַרג. די זון בלאָזט זיך אָן מיט פייער און באַלד וועט זי פּלאַצען. אונטען טומעלט דאָס שטעטעל. מענשען, ווי שוואַרצע פינטעלעך. די שילדען פון די קראָמען פלאַקערן פון זון־פייער. דער גאָלדענער קלויסטער־שפּיץ ווערט צעשמאָלצען... פון אַלע עקען פון שטעטעל קומען די סטאַדעס. איין פּאַסטוך גייט פאַרביי אונז, דאָס איז ראָמאַן דער שטומער. אַ קליין שעפּסעלע לויפט אים נאָך. ער לאַכט צו אונז, ראָמאַן, עפענט אַ גרויס מויל מיט ציין און לאַכט. איינער פון אונזערע וויל ביי אים עפּעס פרעגען; שטייען זיי ביידע אַנטקעגען דער פלאַמיגער זון מיט רויטע פּנימ'ער און מאַכען אַזוי מאָדנע מיט די הענט. אַדעלא צעלאַכט זיך און שיקט אַ לופט־קוש דעם שטומען פּאַסטוך. איר פּאַפּאַ רופט אונז אַלעמען שוין אַהיים.

—ס'ווערט שפּעט,—זאָגט ער — מיר וועלען שפּעטער נישט זען, ווי אַראָפּצוגיין פון באַרג.

אונטען אויפ'ן פרייען פעלד. דאָ איז נאָך גאָרנישט אַזוי פינסטער. די לופט פאַרציט אַלץ מער מיט די טונקעלע וואָלקען און אין דער טונקעלקייט ווידערשפּעניגט דער אָוונט־שטערן, צי ער גלאַנצט מיט זיין גאָלדען אויגעל, צי ער שטעקט אונז אַלעמען אַרויס אַ גאָלדען רינגעל?

אָט איז שוין דער בית־עולם און נאָכ'ן בית־עולם איז באַלד דאָס שטעטעל. איך קוק אַראָפּ אויף די שטילע קברים, די ביימער וואַרפען אַרונטער זייערע טונקעלע שאָטענס און די שאָטענס הילען איין יעדעס בערגעלע זאַמד, יעדע מצבה. איך טראַכט עפּעס. אומעטיג־רואיג זיינען מיינע געדאַנקען. כ'דערפיל עמיצענס האַנט: אַדעלא! שטייט און קוקט מיך אָן. איך נעם זי פאַר'ן האַנט. קיינער זעט אונז נישט, אַלע זיינען אַוועק פאָראויס

—אַדעלא! האָסט מורא פאַר'ן טויט?

—איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס—ענטפערט זי און שמייכעלט.

—און די גרינע לאָנקע נאָך די קברים געפעלט דיר?
—יאָ, עס ווילט זיך שפרינגען אויף איר, אַזוי פיל בלומען...
—מען וועט די לאָנקע צעגראָבען אויף פרישע קברים.
—ווען?
—מאָרגען, איבערמאָרגען, איבעראיאָר...
—אָבער איצטער, זאָגט זי, איצטער קאָן מען דאָך שפרינגען אויף דער לאָנקע און איינס, צוויי, זי איז שוין אויף דער לאָנקע און לויפט, לויפט ווי אַ חיה פון וואַלד אַרויס.

ווען מיר קומען אַריין אין שטעטעל, איז שוין פינסטער. אידען מיט ליידיגע עמערס און אידען מיט פולע עמערס וואַסער קומען אונז אַנטקעגען. אַ בלויזער פערד, אויסגעשפּאַנט, פלאָנטערט זיך צווישען די מענשען, ווי אַן אייגענער. אין אַ קרעמעל שטייט ראָמאַן דער שטומער פּאַסטוך און קויפט „טיטון". ער דערזעט אונז און כאַפּט ווידער אַראָפּ זיין היטעל און לאַכט אידיאָטיש מיט די אויגען, מיט די ציין.

ביים גאָרטען, וואו אַדעלע וואוינט, וואַרטען אויף איר פּאַ-פּאַ און מאַמאַ. ביים שיידען-זיך דערלאַנגט זי מירביידע הענט און דאָס איז אַ סימן, אַז זי וועט שפּעטער אַרויסקומען.

אויף די ווערענדעס אין שטעטעל ווערט פריילין, מען עסט, מען לאַכט. ערגעץ דער באַכטיגאַל נעמט זינגען און הערט באַלד אויף, ווי עס וואָלט זיך טראַכטען: „צופיל כבוד פאַר אייך". אויף איין ווערענדע זינגט אַ יונגע פרויען-שטימע, און ווען זי ענדיגט, דערהערען זיך אויסגעשרייען: „בראַוואָ", „בראַוואָ". די שטעטישע קינדער שטייען אונטער די פענסטער און הערען זיך אַלצדינג איין.

קורץ זיינען די אָוועגטען. די פייערלעך פאַרלעשען זיך גיך. דאָס שטעטעל שלאָפט איין. נאָר איינציגע פאָרלעך גייען אַוועק צום ווייכסעל, קוקען זיך דאָרטען איין, ווי די לבנה שפּיגעלט זיך אין גלאַנצענדיגען וואַסער... שטערען פאַלען און לעשען זיך. די פּאַליעס דערהערען אַ קוש און אַנטלויפען מיט'ן סוד.

איך זיץ ביי אַדעלעס גאָרטען און וואַרט. די געגענט שווייגט, אַמאָל נאָר רייסט אַ בלעטעלע זיך אָפּ פון אַ בוים און

פאַלט לאַנגזאַם צו מײַנע פיס. פײַער־פליגען פליען אין די טוי־זענטער און צענדליגער הענט ווילט זיך האָבען דאַן, כדי זיי נאָכצויאָגען. עס דוכט זיך, אַז די בערג מיט די טאָלען קוקען מיט פיל אויגען, מיט פײַערלעך.

פײַער־פליגען פליען. פינטלען מיט רויטקייט, מיט גאָלד אין דער פינסטער, די נאַכט מאַכט משוף.

די אויגען מײַנע זוכען און קוקען דורך די שטאַכעטען פון פאַרקאַן. וואו איז זי? פאַרוואָס קומט זי נישט? נאָר אָט! אויף דעם באַלויכטענעם שטעגעל פון גאָרטען שפרייזט אַ סילועט. דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגען. שוין בײַם פּלייט!

—אַדעלאַ!

און זי זיצט נעבען מיר שוין אויפ׳ן באַנק. איך באַמערק נישט ווי אירע הענט קומען אין מײַנע, ווי אונזערע פינגער פלעכטען זיך צענויף.

—וואָס האָסטו מיר געלאָזען אַזוי לאַנג וואַרטען?—פרעג איך רואיג.

—דער פּאַפּאַ האָט נישט געשלאָפען. איך האָב אַלץ גע־הערט, ווי ער בלעטערט די צײַטונגען.

—האָסט נאָך אַלץ מורא פאַר׳ן פּאַפּאַ? אַזאַ גרויס מיידעל מיט אַזעלכע לאַנגע האָר. שעם זיך!

כאַפּט זי זיך אויף:

—צעלאָזען די האָר?

און איידער איך ענטפער, ציט זי אַרויס עטליכע שפּילקעס פון די האָר און אַ פאַליע לאָקען צעשיטען זיך. די האָר רירען מיך אָן. זיי שמעקען, זיי רייצען... און זי כאַפּט אירע האָר און פאַרדעקט מיר מײַן פּנים. איך זע שוין גאָרנישט, איך רייד שוין גאָרנישט...

שפּעטער פרעגט זי מיך, פון וואָס איך טראַכט אַזוי פיל. דערצייל איך איר פאָרזיכטיג פון שווערע יאָרען, פון געבראָכע־נעם שטאָלץ. פאָרזיכטיג דערצייל איך, עס זאָל אין איר נשמה מײַן גיפט נישט אַרײַן. הערט זי מיך אויס מיט פאַרוואונדערטע אויגען און רייסט מיך איבער מיט אַ שפּאַס.

און די געגענט ווערט נאָך שטילער און שווייגעדיגער. די אַלטע בוימער שלאָפען פעסט און געשמאַק, די יונגע קושען זיך בגנבה. אַ נאַכט-פויגעל קומט נאָנט צעפליען, שרייט עטליכע מאָל אויס און אַנטלויפט. ערגעץ קוואקעט אַ זשאַבע, אַ צווייטע. דער נאַכטיגאַל זינגט פון שלאָף האַלבע ליידענשאַפטליכע טענער.

אָט אַזוי רעדט זיך די נאַכט אויף אומפאַרשטענדליכע לשונות... אָט אַזוי רעדט די נאַכט. און אַדעלאַ, דוכט זיך, שלאָפט איין אויף מיין ברוסט.

—שלאָפסט, טייערע?

הויבט זי אויף דאָס קעפעל, האַלט האַלב-אָפען די אויגען און שטאַמעלט עפּעס:

—נישט איך שלאָף און נישט איך וואַך, ביינאַכט איז אַזוי גוט, גוט...

אינדערפרי לויף איך צום קסיאָנדז אין גאָרגען נאָך בלומען. דעם קסיאָנדז'ס „בעל הבית'טע" באַמערקט מיך דורכ'ן פענסטער און קומט אַרויס מיט דער שער אין האַנט.

—היינט זיינען דאָ אַ סך רויזען. איבער נאַכט האָבען זיך אַ סך רויזען געעפענט.

—ניט אַלע!

און זי שניידט אָפּ פאַר מיר פיל פריש-געעפענטע רויזען; אויף עטליכע פון זיי שטייען נאָך די האָניג-בינען און זויגען דעם טייערן זאַפט.

איך שיק אַוועק די רויזען צו אַדעלען און אַליין גיי איך בלאָנדזשען הינטערן שטעטעל.

די זון האָט נאָך נישט פאַרשפרייט אירע וואַרעמע פליגעל אין אַלע טאָלען, דער גראָז איז נאָך אין פיל ערטער פייכט, באַשפריצט מיט באַגינען-טוי. פון דאָ און דאָרט הויבען זיך אויף שמעטערלינגען און פליען אַוועק. ווי פריילאַך זיי פלאַטערן דערפרייטע פון זייער פרימאָרגען. עס דוכט זיך אויס, אַז דאָס איז זייער ערשטער פליען. איך גיי אַרויף אויף אַ בערגעל און דער ווייכסעל גיט אַ בליק פאַר די אויגען. ווי אַן אָנגעשאַרפטע קאָסע... עטליכע זעגעל-שיפלעך טראָגען זיך לאַנגזאַם איבערן טייך.

ביינאַכט האָט אַ ווינט געבלאָזען. איצט איז די לופט שטיל און רואיג. די זעגלען פלאַטערן פויל, אָן מאַכט.

געלויבט זיי, פרימאָרגען!

איך קוק זיך איין אויף די פּאַרזייטע פעלדער, אויף די ווילד־פּאַרוואַקסענע בערג — מיין האַרץ ווערט ענג פאַר פרייד: אַזוי פיל שיינע בילדער. דאָס אויג קאָן עס אַלץ נישט אַרומנע־מען: אָט איז אַ בערגעל, פאַרוואַקסען מיט יונגע סאָסנעס. די סאָסנעס זעען אויס ווי סאָלדאַטען, וואָס מאַרשירען. אָט איז אַ הויכער טאָפּאל און נעבען אים ליגט אַן אונטערגעבראָכענע סאָס־נע. ווי אַ קנעכט פאַר אַ הערשער ליגט עס...

דורך די בערג זעט זיך אַ קליין דערפעל. פון דאַנען דוכט אויס, אַז דאָס דערפעל שלאָפט, נאָר ווען איך לאָז זיך אַראָפּ נידעריגער, דערזע איך, אַז אַלע הייזלעך זיינען אָפען. די על־טערע דאָרפסלייט זיינען אַלע אין פעלד. נאָר די קינדער שפּי־לען זיך ביים טייכעל, וואָס פאַלט אַריין אין ווייכסעל: אָט האָ־בען צוויי באָרוויסע, האַלב־נאַקעטע שיקסלעך געכאַפּט אַ שעפּ־סעלע און ווילען עס אויסבאָדען. — דאָס שעפּסעלע האָט אָבער נישט ליב קיין וואַסער און עס ראַנגעלט זיך מיט אַלע כחות, דאָך ווען די קינדער שלעפּען עס צריין אין וואַסער, ווערט עס רואיגער.

מיין פרייד וואַקסט. אַ פּאָר אויגלעך שוועבען פאַר מיר: „אַדעלא”. צי איז זי שוין אויפגעשטאַנען? צי האָט זי שוין באַ־קומען מיינע רויזען?

דאָך אַ גאַנצען טאָג בלאָנדזשע איך צווישען דערפער און בערג און איך קום ערשט שפּעט נאָך אַ האַלבען טאָג אין שטעטעל צוריק.

מיין בעל־הבית'טע בייזערט זיך.

—וואָס איז?

—דער מיטאָג איז שוין קאַלט.

—און אַ קאַלטען מיטאָג קאָן מען נישט עסען?

שאָקעלט זי צו מיט'ן קאָפּ און באַווייזט מיך.

נאָכן עסען דרימעל איך אַ קורצע צייט. איך כאַפּ זיך

אויף פון שלאָף און הויב אויף דעם פאָרהאַנג פון מיין פענסטער. אָהאָ! די זון איז שוין פאַרגאַנגען. שוין באַלד נאַכט. עטליכע טויבען לאָזען זיך אַראָפּ נעבען ברונעם, טרינקען זיך אָן און פליען האַסטיג אַוועק. איך גיי צו דער ברייטער מאַרק-גאַס. אידען און קריסטען האָבען זיך אויסגעזעצט אַרום אַלטען „פּלומפּ" און מען דערציילט זיך מעשיות. אַביסעל ווייטער האָבען שקצים אַרומגערינגעלט דעם פּאַסטוך ראָמאַן און בעטען אים אויף שטום-לשון, ער זאָל מאַכען קונצען. איינער פון די שקצים לייגט אַוועק אויף דער ערד אַ שטרוי און ראָמאַן שפּייט אָן אין די הויפּענס, קלויבט אָן העלדישקייט און... שפּרינגט אַריבער. די שקצים צעלאַכען זיך און דאָס רעדעל אַרום ראָמאַנען ווערט נישט קלענער.

אויף „איר" גאַס איז איינגאַנצען רואיג. אין די פּויערישע הייזלעך צינדט מען קיין פייער נישט אָן, נאָר אין אייניגע ערטער בליצען פייערלעך דורך די בוימער און ערגעץ-וואו הערט זיך אַ געלעכטער טיף אין גאָרטען. איך גיי צו צום טירעל און בלייב שטיין. ניין! איך וועל נישט אַריינגיין. אפשר וועט זי שפּעטער אַליין אַרויסקומען, איך וויל קיינעם נישט זען אויסער איר.

און זיצענדיג אויפ'ן באַנק הער איך, ווי אַ פריילינכע חברה ליעטניקעס קומען אָן. איך דערקען זיי שוין פון ווייטען. זיי קומען צו נענטער און באַמערקען מיך:

—וואָס זיצסטו דאָ?

—קום אויף די בערג!—ווענדען זיך עטליכע צו מיר.

—דאָ איז זעהר שטיל, איך האָב ליב די שטילקייט.

—און דאָס געלעכטערל פון גאָרטען האָסטו פיינט?

זיי גייען אַוועק, קלאַפּענדיג מיט די לאַנגע באַרג-שטעקענס. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז מענשען האָבען זיך געלאָזען זוכען איגמיטען נאַכט דאָס גליק.

זיי גייען און לאַכען. פון ווייטען הילכט עס אַזוי געהיים און פריילינך אָפּ.

די שטימען דערווייטערן זיך און איך קוק אומגעדולדיג אין גאָרטען אַריין.

פון גאָרטען קומט אַרויס דאָס דינסטמיידעל אַנטאָשאַ. זי

גייט נאָך וואַסער.

—וואָס טוט איצט אַדעלאַ?—פרעג איך זי.

—אַדעלאַ וואַרט אויפ׳ן פאַן,— ענטפערט זי און אַנטלויפט מיט די עמערס. ווען זי גייט צוריק, שטעלט זי זיך אָפּ אויף אַ רגע און זאָגט מיר שטילערהייד:

—זאָל דער פאַן וואַרטען. אַדעלאַ וועט באַלד אַרויסקומען! און עס געדויערט נישט לאַנג, זי קומט אַרויס פון גאָרטען און בלייבט שטיין ביים פּאַרקאַן, ווי זי וואָלט מיך נישט באַמערקט.

—ביזט ברוגז אויף מיר?

שטראָפט זי מיר, פאַרוואָס איך בין אַ גאַנצען טאָג נישט געקומען, אין שטוב האָבען זיך אַלע געוואונדערט, וואָס איך קום נישט.

—און דו האָסט זיך אויך געוואונדערט?

ווערט זי שוין ווייכער און גייט צו צום באַנק...

—כ׳האָב געוואַרט אויף דיר, כ׳האָב געוואָלט דאַנקען פאַר די בלומען.

און זי דערציילט מיר:

—ווען אַנטאָשאַ האָט געבראַכט די רויזען, בין איך געשלאָפען. די טרייע אַנטאָשאַ! זי האָט אַוועקגעלייגט די בלומען אויף מיין קישען און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערשפירט דעם ריח. דעם שכור׳ן ריח. און ווייסט וואָס איך האָב געטאָן?

—וואָס האָסטו געטאָן, זאָרגלאָז מיידעל?

—אויף די בלומען זיינען געבליבען עטליכע טוי-טראָפּענס פון דער נאַכט, האָב איך זיי אויסגעטרונקען.

—געשמאַק געווען?

—ווייַן, טייערער ווי וויין.

און זי לאַכט און רעדט ווידער:

—אַ גאַנצען טאָג האָב איך היינט געזונגען און געבענקט נאָך דיר. עס האָט מיר אויסגעדוכט אַ גאַנצען טאָג, אַז עמיצער גייט מיר נאָך און וואַרפט אויף מיר כסדר בלומען.

—דאָס בין איך געווען, טייערע! דאָס בין איך געווען —

איך האָב זיך פאַרשטעלט אין אַ שאָטען, דו זאָלסט מיך נישט זען.
עפּענט זיך אויף אויף מיר אַ פּאָר אויגען.
—יאָ, יאָ!—באַשטעטיג איך מיינע ווערטער.
זי לאַכט און זי נעמט, דאַכט זיך, גלויבען, אַז דאָס איז אַזוי. פון די בערג הערט מען לאַכען און זינגען.
פרעגט זי פאַרוואונדערט:
—ווער לאַכט עס אַזוי שפּעט אויף די בערג? דערציילט איך איר פון דער פריילעכער חברה, הויבט זי זיך פלינק אויף פון אָרט.
—קום אַהין, קום צו זיי.
נאָר אין דעמזעלבען מאָמענט דערהערט זיך פון גאָרטען:
—„אַדעלא”!
דאָס רופט זי די מוטער און זי גייט שוין נישט אויף די בערג. זי איילט שוין צוריק אין גאָרטען:
—שוין שפּעט! די מאַמאַ רופט, קום מאָרגען!
און זי ווערט פאַרשוואונדען צווישען די בוימער.
איך בלייב אַליין און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז אַ חלום: עפּעס אַ מלאך איז דאָ געקומען אויף אַ ווייל, האָט דעם מלאך עמיצער איבערגעשראָקען, איז ער אַנטלאָפען.
אין עטליכע טעג אַרום זיינען מיר ביידע אין וואַלד. דער קוקו שרייט. זי לאָזט איין געשריי נישט דורך, זי מוז יעדעס מאָל ווידערהאָלען און דאָ פאַרליר איך זיך אין די קלאַנגען; איך ווייס נישט, ווער וועמען עס שרייט איבער. זי דעם קוקו, צי דער קוקו איר—אַדעלען.
—אַדעלא! וואָס וואָלסטו וועלען אין לעבען? דאָס בעסטע, דיין טיפסטער פאַרלאַנג וואָס איז, זאָג, אַדעלא!
—איך ווייס נישט, איך טראַכט נישט... וואָס איך וויל? לעבען, זינגען...
און דאָ הויבט זיך ווידער אָן:
דער פויגעל שרייט און זי שרייט, און דער עכאָ, דער דריטער, וועמען מען זעט נישט, מישט זיך אויך אַריין און דער וואַלד הילכט ווי אַן אויפגעוואַכטער.

—לאָמיר זוכען דעם העכסטען בוים,—זאָגט זי.

פאַרדרייסען מירביידע די קעפּ און קוקען אַרויף צו די שפּיצען פון די סאָסנעס...

עך, איר העלזעל איז אַזוי רייצענד. איך האָב אויף אַ רגע נישט אויסגעהאַלטען און אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. איר העלזעל אַזוי בויגיג, יונג.

איך גיב איר אַ קוש אין האַלז. ווערט זי שטום-בייז און ענטפערט מיר מער נישט קיין וואָרט. אַדעלאַ! זי שווייגט. אַדעלאַ, זיי מיר מוחל.. זי שווייגט. ווייזט אויס, איך האָב שטאַרק געזינדיגט, ווייל מיר ווערט עפּעס אומעטיג. נאָר דעמדאָזיגען העל איך נישט אַוועקגעבען פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

מיר זיצען ביידע אויפ'ן גראָז אין וואַלד און שווייגען. דערנאָך הויבט זי זיך אויף און גייט אַוועק צוריק, צום שטע־טעל-צו.

—אַדעלאַ!

זי רופט זיך נישט אָפּ. איר ווייס קליידעל דערווייטערט זיך אַלץ מער, אַלץ מער... איך בלייב אַליין. איך מיט'ן וואַלד. הערט זיך איין, גרינע סאָסנעס! איך בין גאָרנישט אַזוי זינדיג און אַדעלא איז נאָך אַזוי יונג, זי בליט נאָך איצט.

אַ מחנה בינען צעטראָגען זיך צווישען די בוימער און זשומען און זשומען, הענגען זיך אָן אויף די נאָדלען און פאַלען אַראָפּ, פליען איבער מיר, אַרום מיר. דער קוקו שרייט ווידער, נאָר אַדעלא איז נישטאָ און דעם פויגעל מוז עס פאַרדריסען, ווייל ער הערט נישט אויף צו רופען.

שטיל אין וואַלד.

שטיל אין מיין נשמה. איך שטעל זיך אויף און די הענט נעמען זיך ציען צו יעדע סאָסנע באַזונדער. ארומנעמען ווילט זיך די שטומע בוימער און קושען זיי. ווען איך גיי אַרויס אין פעלד, דוכט זיך מיר אויס אין דער ערשטער רגע, אַז באַלד וועם איך פליען.

באַלד, די פליגלען שפּרייטען זיך שוין פונאַנדער מיינע נייגעבוירענע פליגלען.